װל. באָנטש־ברױעװיטש

# דרײַ אטענטאטן אף װי. א. לענין

ידיש—א. י.

צענטראלער פעלקער־פארלאג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקװע — כארקאָװ — מינסק — 1931
װײַסרוסישע אָפּטײלונג

# דער אטענטאט אף וו. אי. לענין דעם 1-טן יאנואר 1918 יאָר.

(לויט פערזענלעכע דערינערונגען פון דעם אויספאָרשער פון דעמדאָזיקן איניען און אפן סמאך פון צוויי מאנוסקריפטן פון איינעם פון די אטענטאט-אָנטיילנעמער).

I

דער טראגישער עפיזאָד אינעם לעבן פון וו. אי. לענין, וועגן וועלכן איך וויל דאָ דערציילן, געהערט צו די מאָמענטן פון וולאדימיר איליטשס לעבן, וואָס זיינען נאָך ווייניק באקאָנט, ווייניק אויסגעפאָרשט און פאָדערן א גרינטלעכע אופקלערונג פון אסאך אומשטענדן.

איך בין אין דעמדאָזיקן אומגליק-טאָג ניט געווען אין פעטראָגראד, אוועקפאָרנדיק אף א געוויסער צייט אין דער שכיינעסדיקער פינלאנד, וואָס אף דעם האָט וולאדימיר איליטש פעסט באשטאנען, ווייל איך בין געווען אויסגעמאטערט ביז די לעצטע קויכעס. „דעם פינפונזיבעציקסטן צימער” אין סמאָלני, ווו איך בין געווען פאָרזיצער, באאָבאכטנדיק אלע דערשיינונגען פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע, האָב איך איבערגעלאָזן אף דער אופזיכט פון מיין פארטרעטער, דעמלט א לינקער עסער, וואָס ארבעט איצט אף א פאראנטוואָרטלעכן פאָסטן אין אונדזערע רייען, אף דעם כ׳ פישמאן. גערוט האָט זיך שלעכט, און ס׳האָט אלך געצויגן וואָס גיכער צוריק אין פעטראָגראד. אוועקגעפאָרן צוריק דעם ערשטן יאנואר אינדערפרי און געקומען אף דער אייזנבאן-סטאנציע מוסטאמיאקי, האָבן מיר זיך דערוווסט, אז קיינע צוגן גייען ניט, אז מע פארהאלט זיי צוליב עפעס מיטן אָפשיקן פון לענינגראד און, וואָס עס איז נאָך מער וואונדערלעך,— אף פעטראָגראד איז פון פינלאנד קיין איין צוג ניט דורכגעגאנגען.

אף דער סטאנציע איז די שטימונג צווישן די פאסאזשירן געווען אן עקלהאפטיקע, אן אויסגעשפראָכן שווארצמייעדיקע, און אף מיין אדרעס האָב איך ניט איינמאָל געהערט א פארביסענעם שעפטשען פון די אָרטיקע בורזשויען

און קלייגבירגער. ס'איז פאנאנדערגעלאָזן געוואָרן א קלאנג, אז דאָרטן אין פינלאנד, לעבן וויבאָרג, איז אן אופשטאנד, אז די אופשטענדלער האָבן פאר־נומען די סטאנציעס און אָפגעשטעלט די אײַזנבאן־באוועגונג. די קלאנגען זײַנען געוואקסן, קיין צוגן זײַנען אלץ ניט געווען, און מיר זײַנען שוין גרייט געווען צו פאָרן מיטן אקס. אזייגער פיר אינאָוונט האָט זיך באוויזן א צוג פון דער זײַט פון בעלאָאָסטראָוו. ער האָט זיך אף א מינוט פארהאלטן אין מוסטאמיאקי און זיך אָנגעהייבן באוועגן ווײַטער. אפן לאָקאָמאָטיוו, אין די וואגאָנעס און אף די טאָרמאָזן—אומעטום זײַנען געווען באוואָפנטע רוסישע סאָלדאטן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייערע טיילן...

איך בין ארויסגעגאנגען אף דער פלאטפאָרמע, און מיר איז שווער געווען צו זען ווי דידאָזיקע מענטשן אין די סאָלדאטישע שינעלן, וואָס האָבן אינ־גאנצן פארלאָרן די דיסציפּלין פון דעם מיליטערישן טייל, האָבן אין אומ־אָרדענונג געשאָסן פון די ביקסן אין אלע זײַטן אין דער לופט און אף אזא אויפן פארשווענדעט ווערטפולן מעלוכישן אייגנטום און ארויסגערופן צו זיך מיצאד אלעמען די סאמע נעגאטיווסטע באציִונג.

דער אוילעם האָט זיך באוועגט אין אלע זײַטן. איך בין געשטאנען אף דער פלאטפאָרמע און אויסגעשריִען צו די סאָלדאטן:

— פארוואָס שיסט איר? איר פארשווענדעט נאָר אומזיסט פאטראָנעס...

דער צוג איז אוועק, און אף מײַנע ווערטער האָט קיינער, פארשטייט זיך, ניט געווענדעט קיין אופמערקזאמקײַט. איך געדענק, ווי איינער פון די סאָלדאטן האָט אפילע דראָענדיק א טרייסל געטאָן מיטן ביקס.

דערדאָזיקער קליינער עפּיזאָד איז גענוג געווען, קעדיי די פינישע שפּיאָ־נען זאָלן איבערגעבן זייער רעגירונג, אז איך האָב „קאָמאנדירט" מיט די סאָלדאטן, וואָס פאלן אָן פון רוסלאנד, און די גאנצע בורזשואזע פּרעסע פון פינלאנד האָט די גאנצע צײַט געבייצט אף מיר אירע אלע הינט און בעשומויפן זיך ניט געקאָנט אײַנשטילן.

ס'איז פינצטער געוואָרן, און ענדלעך האָבן מיר זיך דערוווּסט פון נא־טשאלניק פון דער סטאנציע, אז עס גייט א פאסאזשיר־צוג פון פעטראָגראד, אן אָנגעפולטער מיט מאטראָסן, וואָס קערן זיך צוריק פון אורלויב צו זיך אף די שיפן, נאָר די פינלענדישע רעגירונג האָט באשלאָסן דעמדאָזיקן צוג צו פארהאלטן אין מוסטאמיאקי און ווײַטער אים ניט לאָזן גיין און אויך פאָרלייגן אלע רוסישע פאסאזשירן זיך זעצן אין דעם צוג און אוועקפאָרן קיין פעטראָגראד.

דער צוג איז אָנגעקומען. די מאטראָסן האָבן זיך ארויסגעשאָטן פון די וואגאָנעס. דער נאטשאלניק פון סטאנציע האָט אופגעקלערט וועגן וואָס עס

האנדלט זיך. איך האָב די מאטראָסן אָנגערופן מײַן פאמיליע און געבעטן זיי צונעמען מיך און מײַן געזינד אין זייער וואגאָן. זיי זײַנען גרײַלעך אײַנגעגאנגען, א כאפ געטאָן מײַן באגאזש, און אין עטלעכע מינוט ארום זײַנען מיר שוין געווען אין וואגאָן און אָנגעהייבן א גלענצנדיקן שמועס.

ס'איז שוין געווען שפעט, אזייגער אכט זײַנען מיר ארויסגעפאָרן צוריק, און ערשט ארום עלף א זייגער אינאָוונט זײַנען מיר געווען אין לענינגראד, פארלירנדיק אף דעמדאָזיקן קליינעם שעטעך א גאנצן טאָג. ארום צוועלף באַנאכט בין איך געווען בא זיך אינדערהיים, בייס מע האָט מיר אָנגעקלונגען פון דעם פינפונזיבעציקטן צימער אין סמאָלנע און געבעטן טייקעף קומען צופאָרן וועגן זייער א וויכטיקן איניען.

איך בין, פארשטייט זיך, גלײַך אוועקגעפאָרן אהין. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דעם טאָג איז וולאדימיר איליטש ארויסגעפאָרן אף א מיטינג אין איינעם פון די פאָלקן און אף צוריקוועג האָט מען אים באשאָסן, דורכגעלעכערט אין אייניקע ערטער דעם אווטאָמאָביל און פארוווּנדעט אין האנט— אין פינגער—דעם שווייצארישן סאָציאַל־דעמאָקראט פלאטען, וואָס איז געפאָרן צוזאמען מיט וולאדימיר איליטשן. פלאטען האָט פלינק־אווטאָמאטיש אײַנגעבויגן וולאדימיר איליטשס קאָפּ, און די קויל איז דורך דורכן פינגער פון פלאטענס האנט, וואָס איז אין דערדאָזיקער רעגע געלעגן אף וולאדימיר איליטשס קאָפּ. ס'איז קלאָר, אז וולאדימיר איליטש איז געווען אף א האָר פון טויט.

איך האָב זיך טייקעף געוואָלט זען מיט וולאדימיר איליטשן, נאָר ער איז שוין געשלאָפן. איך האָב באגעגנט מאריא איליינישנאן, וואָס האָט מיר אופגעוואָרפן, פארוואָס איך בין אוועקגעפאָרן, אין דער צײַט, ווען דאָ טוט זיך דער טײַוול ווייס וואָס, און ווען וולאדימיר איליטשס לעבן האָט זיך געפונען אין אזא געפאר.

מיר איז שרעקלעך ווייטיקדיק געווען עס צו הערן. ווײַזט אויס, אז בעסער וואָלט געווען ניט אוועקפאָרן, ניט געקוקט אף דעם, וואָס וולאדימיר איליטש איז אליין באשטאנען דערויף.

איך האָב טייקעף אָנגעהייבן אן אויספאָרשונג, ווענדיק אָנטאפן כאָטש די ערשטע אומשטאנדן. אין דערדאָזיקער נאכט האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן עפעס ווײַטע, קוים־באמערקלעכע רעמאָזים אף דעם, אז אין פעטראָגראד האָט זיך געגרינדעט א מיליטערישע אָפיצערישע אָרגאניזאציע, וואָס האָט געזוכט די געלעגנהײַט צו דערהארגענען וולאדימיר איליטשן. און ווי מיר האָבן נאָכדעם ניט געזוכט אייניקע טעג נאָכאנאנד, איז אונדז גאָרנישט געלונגען אופצוקלערן.

## II

אינדערפרי האָט מיך וולאַדימיר איליטש באַגעגנט זייער פריינטלעך. ווען איך האָב אים געזאָגט, אז מיר האָבן שוין אָנגעהייבן אן אויספאָרשונג בעוויגייע דעם אטענטאט אף אים, האָט ער א וואָרף געטאָן זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן:

— צוליב וואָס איז עס נייטיק, שוין־וושע זיינען קיינע אנדערע ארבעטן ניטאָ? דאָס איז לאַכלוטן ניט נייטיק... וואָס איז דאָ ווונדערלעכס, אז בייס דער רעוואָליוציע פארבלייבן אומצופרידענע און הייבן אָן צו שיסן? דאָס איז אלץ פון די נאָרמאַלע זאכן... און וואָס, איר זאָגט, ס'איז פאראן אן אָרגאַניזאציע—איז וואָס איז דאָ די ווילדקייט דערפון? פאַרשטייט זיך, אז ס'איז פאראן. א מיליטערישע? אָפיצערישע? זייער מעגלעך. — און ער האָט זיך געסטארעט אריבערפירן דעם געשפרעך אף אנדערע טעמעס.

איך האָב עס בעשומאויפן ניט געקענט דערלאָזן און אים געמאָלדן, אז דערדאָזיקער אטענטאט איז געווענדעט ניט נאָר אף אים פערזענלעך, ווי אף וולאַדימיר איליטשן, נאָר אף דעם הויפט פון דער רעגירונג, וואָס איז אויסגעקליבן פון דעם פאָלק, און אז מיר האָבן קיין שום רעכט ניט אדורכצוגיין פארביי דעם.

איך האָב אים געבעטן מיר דערציילן, ווי אזוי דאָס איז אלץ געווען, נאָר ער האָט געמאָלדן, אז ער האָט זייער קיין צייט ניט, אז ער וויים אליין גאָרנישט, ווייל דאָס איז פאָרגעקומען אין מעשעך פון איין רעגע, און אז דאָס בעסטע איז, אויב דאָס איז שוין אזוי נייטיק, איך זאָל וועגן דעם אלעם פרעגן די אנדערע מיטפאָרער זיינע. ס'איז קאָנטיק געווען, אז ער וויל זיך מיט אלע קויכעס אָפּשאָקלען פון מיר און אז ער וויל ניט געבן קיינשום באַווייזן.

אין דעם קאַליידעסקאָפּ פון דעם גרויסן אויספאָרשונג־מאטעריאַל, וואָס איז אדורכגעגאנגען דורך דעם פינפונזיבעציקטן צימער פון סמאָלני, האָט זיך ניט באגעגנט גאָרנישט, וואָס זאָל געבן א נייעם פאָדעם אף צו אנטדעקן דעמדאָזיקן, פאר אונז זייער וויכטיקן, איניען, אָבער, ווי דאָס טרעפט גאנץ אָפט, האָט אויך דאָ מיטגעהאָלפן א צופאַל.

## III

איינמאָל בין איך ארויסגעגאנגען פון מיין דירע אף פעסקי, אף כערסאָנער גאַס, נומ. 5, קעדיי זיך אריינזעצן אין אווטאָמאָביל און פאָרן אין סמאָלני. אומדערוואַרט בין איך אָפּגעשטעלט געוואָרן פון א מאכנע מענטשן פון א פופציק ארבעטער און ארבעטערנס, וואָס האָבן אין שכיינעס געלעבט, וואָס

אסאך פון זיי האָבן מיך פערזענלעך גוט געקאַנט. זיי האָט אינטערעסירט עפּעס א געזעץ־פּאראָרדענונג און זיי האָבן געוואָלט הערן מײַנע דערקלערונגען. איך האָב, פארשטייט זיך, זיך אָפּגעשטעלט און מיט פארגעניגן גענומען זיי דער־ציילן אלץ, וואָס זיי האָט אינטערעסיר'ט. און דאָ האָב איך מיטאמאָל גיכער דערפילט, ווי דערזען, א שארפן בליק, וואָס האָט געקוקט גלײַך אף מיר. דאָס איז געווען א פלינקער סאָלדאט אין א גרויען שינעל, וואָס האָט געקוקט אף מיר מיט טיפע שווארצע אויגן. איך האָב פאָרגעזעצט ענטפערן אף די פראגעס פון די ארבעטער און ארבעטערנס, און ווען איך האָב אויסגעשעפּט אלע זייערע פארלאנגען, האָב איך זיך גענומען געזעגענען, דריקנדיק זיי די הענט און זאָגנדיק, אז איך אײַל זיך צו דער ארבעט.

— ווען זשע וועט איר קומען צו אונדז אף דער אלגעמיינער פארזאמלונג? די גאנצע פאבריק ווארט אף אײַך!...—האָט זיך געווענדעט צו מיר שאפּשאל, מײַנע א באקאַנטע ארבעטערן פון דער נאָענטער פּאפּיראָסן־פאבריק. — קומט וואָס גיכער! דער קאָמיטעט האָט מיך צו אײַך געשיקט...

איך האָב זיך אפגיך צונויפגערעדט, אָנרופנדיק עפּעס א טאָג און בין ארײַן אין אווטאָמאָביל. דער אוילעם איז געבליבן הינטער מיר.

— פּעטערקע, נעם אונדז א פּאָר טאָן! — זײַנען צוגעשטאנען צו מיר קינדער.

— הערט אויס!—האָט זיך פלוצלינג געווענדעט צו מיר יענער סאָלדאט.—ווו קען איך אײַך זען און זיך דורכשמועסן מיט אײַך.

— וואָס איז דען?

— איך האָב אײַך געוואָלט דערהארגענען, — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק מיר גלײַך אין די אויגן ארײַן. — איך האָב איצט געדארפט שיסן, און מיט אײַך שמועסן גאָר די ארבעטער אזוי הערציק, איז האָט מיך אָנגעכאפּט א סאָפּעק...

— דאָס איז אינטערעסאנט!...—האָב איך אים געענטפערט.—וואָס האָט איר זיך עפּעס, פּעטערל, דערטראכט זיך מיט מיר צו פארנעמען?... איר ווילט מיט מיר ריידן, איז זעצט זיך, מירן פאָרן.

— ניין איך וועל בעסער קומען.

— איר וועט דאָך אָבער ניט קומען.

— איך וועל קומען! — האָט ער מיר פעסט געזאָגט, און זײַנע אויגן האָבן זיך ווידער אָנגעצונדן.

— נו, איז וואָסזשע, דעמלט גייט אין סמאָלני און פרעגט דאָרט אף מיר.

— מען וועט מיר אָבער ניט דורכלאָזן...

— מע וועט אומבאדינגט דורכלאָזן. רופט אָן מײַן פאמיליע. איר ווייסט, ווי מע רופט מיך?

— מיר ווייסן.

— נו, איז אָט,—קומט.

— מירן קומען.

פאַרמאַכנדיק דאָס טיר׳ל פון אווטאָמאָביל, האָב איך געהייסן פאָרן. מיר זײַנען אוועק.

— דאָס איז עפּעס מאָדנע!—האָב איך א טראַכט געטאָן און זיך דערמאָנט, אז אין שטוב האָט מיר אונדזער ניאַניע דערציילט, אז די גאַנצע צײַט קומט עפּעס א סאָלדאַט און פאָדערט מיך זען, און ווען זי האָט אים געזאָגט, אז איך בין ניטאָ, אז איך בין אף דער אַרבעט, האָט ער איר שאַרף געענטפערט:

— איר לײַגט אלע, איר באַהאַלט אים אויס.

— וואָס רעדסטו, באַטיושקע, זאָג איך אים,—האָט מיר דערציילט די ניאַניע,—ווער באַהאַלט אים אויס, ער איז אין שטוב נישטאָ, אלץ צווישן פאָלק, צו אים גייען טויזנטער...

און ער האָט גענומען פאַנאַנדערפרעגן די ניאַניע, ווער עס קומט צו מיר, און זיך זייער פאַרוואונדערט, וואָס אלץ אַרבעטער און פּויערים.

— דאָס איז עפּעס ניט אזוי,—האָט ער אפן קאָל א טראַכט געטאָן און איז אוועק, און מער ניט געקומען.

איך האָב בעעמעס דעמלט ניט געלייגט קיין שום אויפמערקזאַמקײַט אף דעמדאָזיקן שמועס, ווײַל עס פלעגן זייער אסאַך קומען צו מיר: פאַרשיידענע באַקאַנטע און ניטבאַקאַנטע מענטשן.

— עפּעס איז דאָ פאַראַן,— האָב איך א טראַכט געטאָן, צופאַרנדיק צו סמאָלני,— אָדער עס קאָן זײַן, אז ס׳איז פּאַשעט א מעשוגענער, א פּסיכיש־קראַנקער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון פראָנט,— דעמלט זײַנען זיי געווען זייער אסאַך.

איך בין צוגעטראָטן צו מײַנע לויפנדיקע איניאַנים, דערציילנדיק וועמען עס איז פון מײַנע כאַווייריים אין דעם זיבנונזיבעציקטן צימער וועגן דעם אינטערעסאַנטן צופאַל מיט מיר.

אין אן ערעך א פאָר שאָ ארום דערציילט מען מיר, אז מיך וויל זייער שטאַרק זען עפּעס א סאָלדאַט און אז ער וויל ניט וואַרטן ביז די אופנעמשאָען, ווײַל ער האָט א וויכטיקן געהיימען איניען צו מיר.

איך האָב געהייסן ארײַנרופן.

— שוין־זשע ער?—האָט מיר א בליק געטאָן אין מויעך.

איך קוק—ער גייט ארײַן.

יאָ, דאָס איז ער.

ער איז צוגעגאַנגען האַרט צום טיש.

— נו אָט בין איך אויך געקומען, — האָט ער געזאָגט, — און אָט האָט איר דעם רעוואָלווער, וואָס איך האָב אײַך מיט אים געדאַרפט דערהאַרגענען. — און ער האָט אוועקגעלייגט דעם נאַהאַן.

— ווער זײַט איר? — האָט אים געפרעגט עמיצער פון די כאַוויירים־ארבעטער.

— איך בין א פראָנטאָוויק... ערשט ניט לאנג געקומען פון פראָנט. מײַן פאַמיליע איז ספּירידאָנאָוו.

— זעצט זיך, כאַווער, — האָב איך צו אים געזאָגט, — איר האָט געוואָלט מיט מיר שמועסן, — אַדעראַבע, איך האָב איצט צײַט.

ער האָט זיך געזעצט און, ווי עפּעס א שולדיקער, געזאָגט:

— אָט, איין מינוט נאָך, און איך וואָלט אײַך דערשאָסן... א טאָעס... אָט די ארבעטערנס... אָט זיי האָבן מיר געשטערט. שוין צו האַרציק האָבן זיי מיט אײַך געשמועסט... האָב איך א טראַכט געטאָן — דאָס איז ניט יענער. יענער איז א סוינע, און וואָס פאַר א סוינע זײַט איר? איך זע — אַן אייגענער מענטש, — און ער האָט א שמייכל געטאָן.

איך האָב זיך געסטאַרעט גלײַך מיט אָנפירנדיקע פראַגן ווענדן זײַן געדאַנק אַהין, וווּהין מיר איז געווען מער אינטערעסאַנט. מיר האָט זיך געוואָלט וויסן: צי איז ער מיט עמיצן פאַרבונדן, אָדער ער האָט געהאַנדלט ווי א יאָכיד?

— וואַרט, איך וועל אַלץ דערציילן... אײַלט ניט... — האָט ער מיר געענטפערט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט, וואָס מיר איז נייטיק געווען.

ארום אונדז האָבן זיך ארומגעשטעלט ארבעטער, מיטגלידער פון אונדזערן קאָמיטעט, וואָס האָבן זיך פאַרינטערעסירט מיט דעמדאָזיקן באַזוכער.

— מאַמינקעס מײַנע! — האָט פּלוצלונג געזאָגט ספּירידאָנאָוו, אויפהייבנדיק זיך, — און דאָ זײַנען אַלע ארבעטער, אַלץ אייגענע מענטשן, און געזאָגט האָט מען דײַטשן, פּריצים... אַלע האָבן אונדז געלײַגט.

— מיר זײַנען, ברידער, פּונקט אַזוינע דײַטשן, ווי דו א טאָטער... — האָט לאַכנדיק געזאָגט א געזונטער ארבעטער א שמיד, נאָך א שוואַרצער און פאַרויכערטער פון זאַוואָד, און א קלאַפּ געטאָן אים אין פּלייצע.

ארום האָט מען געלאַכט.

ספּירידאָנאָוו האָט זיך גיך אײַנגעלעבט, האָט גענומען דערציילן וועגן דעם, ווי ער איז געווען אויפן פראָנט. דאָרט איז זייער טייל אינגאַנצן זיך צעפאָרן, און ער מיט נאָך אייניקע כאַוויירים, וואָס צווישן זיי זײַנען געווען אָפיצערן, האָבן באַשלאָסן דערהאַרגענען לעניגען, זײַנען אוועקגעפאָרן אין פּעטראָגראַד, און אָט דאָ געפינט זיך אַן אָפיצערישע אָרגאַניזאַציע. די קאָמיסאַרן זײַנען אויפמערקזאַמער געוואָרן. איך האָב קורץ פאַרשריבן דאָס וויכטיקסטע. ער האָט אָנגעוויזן איין אַדרעס אויף פּערעקופּנער געסל, ווו א טייל פון

דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך צוגעפּלעקלעכט און ווי ער אַליין איז געווען. דאָס אַלץ איז געווען אין אַ דירע פון איינער אַ פרוי, אָבער ווי עס קלײַבן זיך צונויף די איבעריקע, ווייס ער ניט.

# IV

מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז די פעדעם זײַנען גאַ אים אין די הענט.

נאָר וואָס זאָל מען טאָן מיט אים? אַרעסטירן? וועסט דעמלט אַלץ פאַטערן. לאָזן אים אויף דער פרײַ — וועט ער, קאָן זײַן, כאַראָשע האָבן אויף זײַנע באַווײַזן און וועט אַלעמען וואָרענען.

איך בין אַרויסגעגאַנגען און אומבאמערקט אַרויסגערופן צו זיך 2-3 אַרבעטער־קאָמיסאַרן און געזאָגט זיי, אַז זיי זאָלן אַלעמען איבערגעבן: טייקעף אַרומרינגלען ספּירידאָנאָוון מיט דער סאַמע גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, גיין מיט אים מיטעסן, אַרײַנעמען אים אין דער אייגענער סוויווע, דערציילן אים אַלץ וועגן דער רעוואָלוציע, מיטנעמען אים אין די אַרויספאָרן, מיטנעמען אויף פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטער, נאָר אויף קיין איין מינוט אים ניט אַרויסלאָזן פון דער ספערע פון זייער באַאָבאַכטונג. אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן. ספּירידאָנאָוו איז גיך געוואָרן אַן אייגענער מענטש און זיך אַלץ געריסן זײַן לעבן מיר און היטן מיך אין די אַרויספאָרן צוליב זייער וויכטיקע און אָפטמאָל זייער געפערלעכע איניאַנים.

אין דעמזעלבן אָוונט האָבן מיר אַלעמען אַרעסטירט אין דער דירע אויף פערעקופּנער געסל, אײַנגעאָרדנט דאָרטן אַ זאַסאַדע, און ווי אַרבעס האָבן זיך אַהין געשאָטן מענטשן, וואָס מע האָט זיי פון צײַט צו צײַט אַריבערגעפירט אין סמאָלנע. דאָ האָט מען טייקעף דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג, און דער איניען האָט זיך אַלץ מער און מער אויפגעדעקט.

אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר זיך דערקלײַבן צו די פערזאָנען, וואָס שטייען נענטער צום צענטער, און סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר אַרעסטירט דרײַ אָפיצערן, וואָס זײַנען געווען דירעקטע אָנטיילנעמער אין דעם אַטענטאַט אויף וולאַדימיר איליטשן. עס איז אָבער קלאָר געווען, אַז זיי זײַנען נאָר אַ געווער אין עמיצנס גאָר פעסטע הענט. איינער פון זיי האָט אַלץ גענומען אויף זיך, און לויט זײַן שטימונג צו מאַקריוו זײַן זיך האָט ער מיר זיך אויסגעוויזן פאַר אַ מער אידעישן און מער סימפּאַטישן, וואָס האָט זיך, קאָן זײַן, געוויסנהאַפטיק פאַרבלאָנדזשעט.

איך האָב מיטגעטיילט וולאַדימיר איליטשן וועגן דעם גאַנצן איניען, און ער, וואָס איז געשטאַנען אונטערן טויט־געפאַר צוליב די קוילן פון דידאָזיקע יונגע מענטשן, איז געווען די סאַמע שוועדסטע מעניע אין דעם גאַנג פון דער

אויספאָרשונג. ער האָט, פונקט ווי א פארטיידיקער פון די דאָזיקע באשולדיקטע, מיר געשטעלט אלערליי פראגעס, צווייפלענדיק אין דער ריכטיקייט פון די מאַטעריאַלן, אָדער פאָדערנדיק א נײַעם איבערקוק פון די מאטעריאַלן און יעדיעס, וואָס האָבן אויסגעזען צו זײַן אינגאנצן קלאָר, פארינטערעסירנדיק זיך אלץ מער און מער מיט דער פערזענלעכקייט פון די אטענטאט־דורכפירער.

— גיט זיי וואָס מער ליטעראטור, גיט זיי ביכער לייענען, — האָט מיר געזאָגט וולאדימיר איליטש, בײַם ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם, צי מיר שיקן די ארעסטירטע צײַטונגען.

## V

ווער זײַנען עס געווען די מענטשן, וואָס האָבן געוואגט אויפהייבן א האנט אפן פירער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אף דעם, וואָס האָט אזוי וווּנדערלעך געקענט פארשטיין און אויסדריקן די עמעסע פאָלק־נייטן, צילן און פארלאנגען פון דעם קעמפנדיקן פראָלעטאריאט?

א לאנגע צײַט איז דאָס אלץ געווען פארדעקט מיט א פינצטערניש פון אומבאוווּסטקייט, נאָר איצט, ווען מיר האָבן, אדאנק א גליקלעכן צופאל, אין אונדזער רעשוס ריכטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן, וואָס זײַנען אָנגעשריבן מיט דער האנט פון איינעם פון די סאמע אקטיווסטע אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער טראגישער געשיכטע, וועלכע האָט שיִר זיך ניט געענדיקט מיט דער גרעסטער קאטאסטראָפע, קאָנען מיר ענדלעך מיט דער גאנצער פעסטקייט און זיכערן עמעס פעסטשטעלן גענוי און אויספירלעך דעם גאנצן איניען וועגן דעם ערשטן אטענטאט אף וולאדימיר איליטש.

דער געדאנק וועגן דעמדאָזיקן אטענטאט איז געבאָרן געוואָרן אפן פראָנט אין דער צײַט, בײַם די אימפעריאליסטישע מילכאָמע איז מיצאד אונדז דערקלערט געוואָרן פאר פארענדיקט, ווען ס'איז געקומען א פײַנלעכע, אומבאשטימטע צײַט, א צײַט פון ניט קיין פרידן און ניט קיין קריג, בײַם דער פראָנט אי זיך אינגאנצן פאנאנדערגעפאלן און בײַם דאָס מיליטער האָט זיך צעשפרייט אין אלע זײַטן, ניט פרעגנדיק קיינעם, אײַלנדיק זיך צוריקערן אהיים.

אפן פראָנט האָבן גענומען פלאקערן די פריצישע מאיאָנטקעס, פונקט אזוי, ווי זיי האָבן זיך צעפלאקערט אויך אין הינטערלאנד.

אלע מיליטערישע טיילן האָבן זיך צעטיילט אף צוויי פײַנטלעכע לאגערן, וואָס האָבן זיך געשטעלט איינער קעגן אנדערן: איין טייל — פאר א פרידן, אום יעדער פרייז, פארן פארלאָזן דעם פראָנט, זאָל עס אפילע ארויסרופן א פולשטענדיקע צעשטערונג פון דער מיליטערישער דיסציפלין, פאר ווארפן דאָס געווער, די קוילן און דאָס גלײַכן; דער אנדער טייל — פאר אן אָרדענונג,

פֿאַר מיליטערישער דיסציפּלין אום יעדער פּרײַז, פֿאַר ניט צעשטערן דעם פֿראָנט, און אויב ס'איז נייטיק—פֿאַר א ריכטיקער אָרדענונג, פֿולן אָפּטרעטן, פֿאַר אָפּגעבן דאָס געווער, די סקלאַדן, פֿאַרן פֿאַרהיטן דאָס אייגנטום פֿון הינטערלאַנד.

די ערשטע גלויבן דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע, די אַנדערע פֿאַר־האַסן זי און האַלטן זי פֿאַר א פֿאַראַט, פֿאַר דײַטשישע מאַכערײַקעס.

„דער פֿײַנטלעכער לאַגער פֿון פֿאָלק איז געוואָרן א באַלאַגערונג. מיר גייען אַרום באַוואָפֿנטע,—שרײַבט דער אויטער פֿון א מאַנוסקריפּט, וואָס מיר ציטירן,—מע האָט נאָך מוירע פֿאַר אונדז, און דאָס העלפֿט אונדז. נאָר אַף באַנאַכט קלײַבן מיר זיך צונויף אין איין גרויסער כאַלופּע, קעדיי צו שלאָפֿן אַלע צוזאַמען. מיר שלאָפֿן, אָרויסשטעלנדיק בײַ די טויערן א וואַך, און, לייגנדיק זיך שלאָפֿן, לייגן מיר לעבן זיך אין בעט אונדזערע כּרויען. „אונדזערע פֿרויען" דאָס זײַנען אָנגעלאָדענע ביקסן".

„ענדלעך זאָג איך צו סיאָמען, אַז מער צו וואַרטן האָבן מיר ניט וואָס און אַז ס'איז ניטאָ אַף וואָס צו האָפֿן. מיר דאַרפֿן צוטרעטן צו א טייקעפּדיקער דעמאָביליזאַציע פֿון די טיילן אונדזערע, וואָס זײַנען אונדז טרײַ. אייניקע זײַנען אַליין אַוועק, געריסן מיט דער אָרדענונג מער, ווי ס'איז דערלאָזבאַר. דאָס טויג ניט, שטאַרבן דאַרפֿן מיר דאָך, ווי מענטשן!

„צי דען זײַנען מיר ניט קיין קאָמאַנדע און צי דען האָט ניט אונדזער קאָמאַנדע דרײַסיק מענטשן? זײַנען מיר דען ניט קיין אַלטע סאָלדאַטן און האָבן מיר דען ניט געטאָן אַלץ, וואָס עס האָט פֿון אונדז געפֿאָדערט דער מיליטערישער כּיווי? העלדיש האָט אונדזער פֿאָלק זיך געשלאָגן אונטער פּלעווונע, און האָבן מיר זיך דען ניט געשלאָגן אונטער קירצי־באַבאַ? די פֿאָן פֿון אונדזער פֿאָלק האָבן מיר אין מאַרש געטראָגן פֿאָרויס, אין א פֿאַרגעלטן לעדערנעם שיידל—די פֿאָן, וואָס מיר האָבן געקושט בײַ דער שווּע. און בײַם שטיין אַף אָן אָרט האָבן מיר די פֿאָן געשטעלט הינטערן קאָמאַנדירס בעט. ווו איז דער קאָמאַנדיר און ווו איז די פֿאָן?

„אויב שאָלעם „לויט ראָטעס און לויט ווזוואָדן"—הייסט עס, אַז איך בין דער הויפּט־קאָמאַנדיר, דו דער שטאַב, דער נאַטשאַלניק—שרײַב א באַפֿעל וועגן דעמאָביליזאַציע! ספּירידאָנאָוו וועט אונטערשרײַבן דעם באַפֿעל פֿאַרן קאָמיסאַר פֿון דער רעפּובליק און אָרלאָוו וועט נעמען אַף זיך אויספֿילן אים אין דעם גענעראַל־קוואַרטירמײַסטערישן טייל.

„שטעל אויס צום לעצטן מאָל די קאָמאַנדע!

„ווי אויסשטעלן?

„אין פֿולער שלאַכט־גרייטקײַט" [1].

[1] זע דעם מאַנוסקריפּט פֿון ג. רעשעטאָוו (פּסעוואָדנים) „דער פֿײַערדיקער אימפּעראַטער", קאַפּיטל 11, „פּאָגראָם", זײַט 67—68 (אין רוסיש).

די קאָמאַנדע איז דאָס לעצטע מאָל אויסגעשטעלט. אַלע אין דער אוניפאָרם, מיליטעריש, לויטן סטאַטוט, לויט אַלע טראַדיציעס פון דער בעסטער אַלטער מיליטערישער שלאַכט־דיסציפּלין.

עס קומט דער טראַגישער מאָמענט,—דאָס זעלבסטפאַנאַנדערלאָזן דעם טייל, וואָס האָט אַזאַך איבערגעלעבט אין די מאַרשן און אין די קאַמפן, ווו מע האָט זיך צוגעזיפגעלעבט איינער מיט דעם אַנדערן, געוואָרן נאָענט, כאַווערישפאַר דער געשטאַלט פון דער שטענדיקער טויט־געפאַר.

„און אָט האָבן מיר געמאָלדן,—לייענען מיר ווײַטער,—אַז צו דער מיל־כאָמע איז אַ סאָף, און אַז יעדער איינער, וואָס וויל, קאָן נעמען אַן אָפּלאָז־ציַיגעניש, וווהין ער וויל. איך אַליין האָב באַקומען אַזאַ פון סיאָמאַן, און סיאָמאַ פון מיר. די אויסשפּירער דרייען זיך לעבעדיק אַרום, אײַנפּאַקנדיק די זעקלעך.

„די זעקסטע שאָ אינאָוונט איז געוואָרן די שאָ פון דעם לעצטן פּאַראַד. ס'איז ענג דער מאָלדאַוואַנישער הויף, נאָר עס פילט זיך פרײַ אין אים די שיטער־געוואָרענע קאָמאַנדע. אָט שטייען זיי, אָט בין איך, אָט קאָמאַנדירט סיאָמאַ. איך באַגריס זיך.

„צי דען איז די קאָמאַנדע ניט אין דער פאָרם אָנגעטאָן, צי דען איז זי ניט אויסגעשטעלט אין פולער באַוואָפענונג צו גיין אין מאַרש? דאָס לעצטע מאָל קוק איך אויף מײַן ווירטשאַפט, אויפן שינעל, אויף די שטיוול, אויף די פּאַט־ראָן־טאַשן, אויף דער ביקס.

— „ווער עס וויל, קען נעמען די ביקס מיט זיך!

„און צווישן די שינעלן, פּאַטראָן־טאַשן, ביקסן—זײַנען פּענעמער. לעבע־דיקע מענטשלעכע פיזיאָנאָמעס. נאָר איך קאָן אויף זיי ניט קוקן—ס'האָט אַ צו־געבונדנקײַט די סאָלדאַטישע נעשאָמע.

„עפּשער דאַרף נאָך עמיצער עפּעס, מעלדעט!

„גאָרנישט? נו איז דעמלט, פרײַנט, לאָמיר זיך געזעגענען.

„אין אַ טאָן אַביסל אַ פײַערלעכן איז דורכגעגאַנגען דאָס געזעגענען זיך, און מיסטאָמע וואָלטן פײַערלעך אויך פאַרענדיקט זיך די באַגלייטענישן, אויב סיאָמקע וואָלט ניט געפּאַטערט די גאַנצע מײַסע.

„ער האָט זיך ביכלאַל ניט געדאַרפט רוקן!

„ער פאַרשטייט דאָך ניט צו האַלטן פײַערלעכע רעדעס.

„ער איז אַרויס און זיך צעוויינט. אַ כאַרפּע!

„פאַרוואָס־זשע וויינען אַנדערע.

„איך האָב זיך אָפּגעקערט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

„דעמלט איז אַרויס דער וואַכמיסטער און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

„בעגייט זיך!" [1]).

און דער מיליטערישער טייל איז ניט געוואָרן. אלע האָבן באקומען אָפּלאָז־דאָקומענטן. אלע האָבן זיך גענומען קלייבן, ווער וווהין עס דאַרף.

„לעבעדיק דרייען זיך די אויסשפּירער, צונויפלייגנדיק די זעקלעך, און איך גיי ארום און גלויב ניט, אז ס׳איז שוין געשטאָרבן,—דערציילט אונדז דער אווטער.—אָט טאקע אזוי איז ביים עס שטארבט א נאָענטער. ער איז שוין געשטאָרבן, און דו גלויבסט ניט, אז ער איז געשטאָרבן.—אזוי אומפארשטענד־לעך איז דער טויט.

„און אזוי אומפארשטענדלעך איז יענע געהיימע פארלייכטערונג, וואָס ווערט געבאָרן ערגעץ טיף אין דער נעשאָמע באם געדאנק וועגן דעם, אז ס׳איז שוין געשטאָרבן.—אזוי לאנג און פּיינלעך האָט געליטן דער קראנקער. און וואָס פאר א פעסטער ס׳איז געווען דער אלטער!

„אינאָוונט האָט דער פעלדפעבעל פון דער קאָמאנדע „צינד אָן—אנטלויף"—אזוי האָט מען גערופן בא אונדז אין פאָלק די קאָמאנדע מינען־ווארפער—געבראכט אונדז ווייַן.—ער איז געווען א באוווסטער צושטעלער פון דעמדאָ־זיקן ווייַן.

„מיר האָבן אויסגעטרונקען באם געזעגענען זיך, און אין דערזעלבער נאכט האָט זיך די ערשטע פארטיע געזעצט אין באן. געזעגענענדיק זיך, האָט מען ניט געוואָלט איינער מיט דעם אנדערן זיך צעשיידן. אלע האָבן געגעבן איי־נער דעם אנדערן אדרעסן, האָבן זיך צונויפגערעדט. אָט אין דערדאָזיקער נאכט האָב איך באגלייט ספּירידאָנאָוון און זיך צונויפגערעדט מיט אים וועגן באגעגענען זיך אין מאָסקווע. ער איז געפאָרן אין דאָרף זיך זען מיט די אייגענע" [2]).

מע איז אוועקגעפאָרן. די געבליבענע זייַנען פאריאָסעמט געבליבן. עס נאָגט אן אומעט, און דאָס אלטע שלעפּט מעכטיק צו זיך. דריי שווידערלעכע יאָרן פון קריג, ליידן, טויט, שרעק. צוליב וואָס און פארוואָס? קיין ענטפער איז ניטאָ און ניטאָ. פריער איז געווען א ציל־געוועדטקייט, אן איינהאלט אין לעבן, איצט איז אומפארשטענדלעך, אלץ האָט געפּלאצט, און דערדאָזיקער לעצטער טאָג אף די פּאָזיציעס איז געווען דער סאמע שרעקלעכסטער טאָג פאר די, ווער ס׳האָט ניט פארשטאנען דאָס, וואָס עס טוט זיך אין דערווירקלעכקייט, ווער עס האָט ניט נאָר ניט באוויזן מיטגיין מיט די געשעענישן, נאָר איז אָפּגעשטאנען פון זיי, קלאסנדיק ניט געפילט, ווי דאָס האָבן געפילט מיט זייער גאנצן וועזן הונדערטער טויזנטער פּויערים, באטראקעס, ארבעטער און אָרעמקייט, אנגעטאָן

[1]) דאָרטן, זייַטן 68 און 69.
[2]) „ זייַט 69.

אין סאָלדאטישע שינעלן, פארוואָרפענע ווען עס איז אפן פראָנט דורך דער מעכטיקער האנט פון דער זעלבסטהערשונג, און וואָס גייען איצט מיט פרייער אוועק פון פראָנט, פון דער מילכאָמע, פון די אָקאָפּעס, ווי פון א דורעס־לאנגער קנעכטשאפט, גוואלדטאט און אונטערדריקונג.

דער נידעריקער אָפּיצערנטום פון דער מילכאָמע־צײַט, וואָס איז ארויסגע־גאנגען פון די „ראזנאָטשינצעס", וואָס זײַנען בלוטיק ניט פארבונדן מיט די קאפּיטאליסטן און פּריצים, וואָס זײַנען ניט אויסמושטירט דורך דער דיס־ציפּלין פון דער מילכאָמע־צײַט, אויך ער האָט זיך ניט געקענט געבן א קלאָרן כעשבן פון דעם גיגאנטישן וווקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, און גאָר א קליינער טייל פון אים האָט פארשטאנען און איז צוגעשטאנען צו דער סאָלדאטישער מאסע, וואָס האָט געדאָרשט נאָך פרידן אום יעדער פּרײַז. אויך דאָ איז רײַף געוואָרן א גרויסער און דערשיטערנדיקער קאָנפליקט, וואָס האָט נאָכגעשלעפּט מיט זיך אומצאָליקע רעזולטאטן. דאָ האָבן זיך אייגנטלעך געפּור־נען די אַלע עמבריאָנען פון דער מיליטערישער קראפט פון דער אָנגרײַפנדיקער קאָנטר־רעוואָליוציע, פון דעם נאָך ניטגעזעענעם גרויסן בירגער־קריג.

## VI

„מיר האָבן באשטימט אונדזער אָפּפאָרן אפמאָרגן,—שרײַבט אונדזער אוו־טער.—די נאכט איז א לעוואָנעדיקע, א ווינטיקע. די לעצטע נאכט.

„איך קוק זיך אײַן אין דער בלייכער טונקלקײַט און דערמאָן זיך, אז מיט צוויי יאָר צוריק זײַנען געווען פונקט אזוינע נעכט אין נאָוואָ־סווערזשען, ניט ווייט פון מינסק. מיט א יאָר צוריק זײַנען מיר געשטאנען אף די קארפּאטן, דער פּאָלק איז נאָרוואָס ארויס פון די שלאכטן. ס'איז געווען ווינטער. די קארפּאטן האָבן אונטערן שניי געהאט אן אויסערגעוויינטלעכן אויסזען. ווי גיך עס מאר־שירט די צײַט, וויפל עס האָט זיך געענדערט פאר אָט דעם קורצן טערמין! זאָל מען מיר זאָטלען קאָפּטשיקן צום לעצטן מאָל!

„הינטערן דאָרף בלאָזט דורך אפן בארג דער ווינט דורך דעם דיקן פוטער פון די ראָמאנאָווישע פעלצן, דער ווינט בלאָזט אין פּאָנעם. דער פערד פאר־בלײַניעט זיך פון ווינט, אים איז שווער צו לויפן, איך יאָג אונטער. מיר ווילט זיך גיכער קומען אף יענער זײַט בארג, ווו עס ציִען זיך די לאנג געוואָרפענע פּאָזיציעס. איך דריי זיך לאנג ארום, עס לאָזן ניט די טיפע שניטן פון די דורכגענג—מיט דורכגענג איז צעשניטן דער פעלד פאר די אָקאָפּעס.

„איך האָב זיך דערקליבן. די אָקאָפּעס זײַנען צעשטערט. די באלקנס האָבן די סאָלדאטן צוגענומען אף האָלץ. כ'האָב זיך ווײַטער א רוק געטאָן און זיך אָפּגעשטעלט בא די דראָט־פארצאמונגען.

„דאכט זיך, ס'איז אזוי פּאָשעט: שפּיזלעך זײַנען ארומגעוויקלט מיט די

דראָטן, אָבער מע דאַרף נאָר א קוק טאָן אף דידאָזיקע שפּיזלעך! דער סימוואָל פון דרײַ יאָר מילכאָמע. דו קוקסט אף דידאָזיקע זראָטן, און אין זיי, ווי אין א בוך לייענסטו דאָס איבערגעלעבטע. אָט זײַנען די אָקאָפּעס, אָט זײַנען ערד־הײַזלעך אין די אָקאָפּעס.

„זײַט מענטשן, גייט צו פּאָשעט מענטשלעך צו דידאָזיקע אויסגעגראָבענע בערגלעך, און איר וועט ניט אוועקגיין פונדאנען ניט דערשיטערטע.

„שוין־זשע אָפּגעבן דרײַ יאָר מילכאָמע־לעבן, אָפּגעבן די וווּנדן און די דערהארגעטע כאווײרים, אָפּגעבן דעם טרויער און דעם ווייטיק, אָפּגעבן די קויכעס—אלץ אָפּגעבן פאר שאָלעם לויט ראָטעס און לויט ווזוואָדן?

„און ערגעץ דאָרט, הינטער די בערג איז „ער". ער ווייס אלץ, ער האָט באדעקט אונדזער הינטערלאנד מיט מאכנעס שפּיאָנען. ער וועט אויסווארטן ביז ס'וועלן ליידיקע פארבלײַבן די פּאָזיציעס, און זיך ווארפן אף דער אומ־באשיצטער ערד.

„עס שאפט זיך פּאראט, עס יובלט דער סוינע, מענטשן זײַנען פון זינען אראָפּ, דאָס לאנד גייט אונטער. וואָס זײַנען מיר, די, וואָס האָבן געליבט און געשוואָרן?

„ראטעווען, וואָס עס זאָל ניט זײַן, ראטעווען, וואָס עס זאָל ניט קאָסטן, ראטעווען און אונטערגיין.

„קאָפּטשיק, דיר וועט אויסקומען הײַנט צו פירן, הײַנט זײַנען מיר ביידע אפן לעצטן פּאָסטן"[1].

## VII

אלץ איז איבערגעטראכט. אלץ זיך דערמאָנט, די נערוון אָנגעצויגן, אין קאָפּ—א פולשטענדיקער טומבור. א פארבאהאלטענע סינע און פּײַנטשאפט מאכט זיך א נעסט ערגעץ דאָרט, ווײַט, אין טיפעניש פון הארצן, און אויסערגע־וויינטלעכע געדאנקען לעכערן דעם מאוך. רוסלאנד גייט אונטער!—האָבן באַ־שלאָסן דידאָזיקע יונגע מענטשן, און זיי מוזן ראטעווען רוסלאנד.

„וווּהין גייען מיר? קיין מאָסקווע. צוליב וואָס קיין מאָסקווע? ראטעווען רוסלאנד. ווי אזוי ראטעווען? א גרויסע געהיימניש.

„מיר פאָרן אוועק מאכנעסווײַז: איך, אָרלאָוו, יעווטעיעוו, ניקאָלײַעוו און אנדערע. מע קען אפילע זאָגן, אז מיר דעמאָביליזירן זיך אין באשטאנד פון א קאָמאנדע.

„מיט אייניקע שווערקײַטן דערקלײַבן מיר זיך ביז אָקניצי. אין אָקניצי געפינען מיר א וואגאָן, וואָס איז געלאָדן מיט פערד. מיר פארטרײַבן די באַ־גלייטער, לאָדן אויס די פערד און לאָזן זיי אף דער פרײַ.

---

[1]) דאָרטן, זײַטן 70, 71 און 72.

„דעמאָביליזירט זיך, כאַווייִרים!

„און מיר קלײַבן זיך אַרײַן אין וואַגאָן. מיר פֿאָרן אין אַ באַנדע, אַ גאַנצע גרופּע, מיט געווער — מיר זײַנען אַ קויעך, פֿאַר אונדז האָט מען מוירע.

„און נאָר דאַן, ווען ס׳האָבן זיך צערעדט די רעדער פֿון וואַגאָן און ס׳איז עפּעס אַלץ אַוועק און זיך פֿאַרשטעלט, אַלץ, וואָס איז געווען אין די דאָזיקע אָנגעשטרענגטע טעג, דער שלאַס, דער פֿאַלק, און די לעווײַעס, און די געזעגענישן, — ערשט דעמלט האָט זיך קאָנצענטרירט דער געדאַנק אויף דער פֿראַגע: וואָס טאָן ווײַטער?

„לאַנגזאַם שלעפּט זיך דער צוג. פּונקט אַזוי לאַנגזאַם האָט זיך געשלעפּט דער טאָג, אַ צווייטער, עטלעכע אָפּמאַטערנדיקע טעג. איך בין געזעסן אין אַ ווינקעלעפּליושקע אויף מײַן וועג־טשעמאָדאַן און געטראַכט.

„אַלץ זיך דערמאָנט, אַלץ געבראַכט אין אָרדענונג, אַלץ באַטראַכט און גאָרנישט דורכגעלאָזן.

„און זיך אַנטשלאָסן“ [1]).

אין וועג, ווען אַלץ נײַע און נײַע קלאַנגען פֿאַרנעפּלען נאָך מערער דעם יונגן אָנגעגליטן קאָפּ, ווען אומעטום שפּירט זיך דער אָנוואַקסנדיקער בירגער־קריג, פֿאַרפֿעסטיקט זיך נאָך מער יענער עקסט פּאַשעטער געדאַנק, וואָס איז שוין גענוג רײַף געוואָרן אַפֿן פֿראָנט, אַז דער אייביקער שולדיקער אין אַלץ, וואָס איז געשען, איז דער אומבאַוווסטער און אומבאַקאַנטער לענין, וואָס איז געקומען צופֿאָרן אין אַ פֿאַרבלאָמבירטן וואַגאָן. די שוואַרצע, שענדלעך־ליגנערישע, עקלהאַפֿטע אַגיטאַציע פֿון בורצעוו, אַקסינסקי און די אַנדערע צו זײ־ענלעכע, האָט איבערגעלאָזן עפּעס אַ געהיימען שפּור אין די פּרימיטיווע מוי־כעס, וואָס זײַנען ניט באַוואוינט אין קיין שום פּאָליטיק, און ווי דעמלט, אין די טעג פֿון דריטן יול, אַזוי האָבן אויך איצט אַלע די, וועלכע ס׳האָט גאָרנישט ניט פֿאַרשטאַנען אין דער שרעקלעכער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקײַט פֿון יענער צײַט, אָדער ווער ס׳איז מיט ענגע פֿעדעם געווען פֿאַרבונדן מיט דער פֿאַרגאַנגענהײַט, מיט דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט — גלײַך געפֿונען אַן אויס־וועג פֿון זייער אַנטוישונג, פֿון זייער באַגרענעצטן, קימאַט אומפּרוכטבאַרן געדאַנק: אויסשליסלעך אין אַלץ איז געווען שולדיק לענין. און די סינע און דער קאַעס אויף אים האָט זיך צעקאָכט נאָך מער.

„די נאַכט איז אַ ווינטערדיקע, גאָר אַ וואַרעמע — שרײַבט דער, וואָס האָט איינגיכן אויפגעהייבן די האַנט אויף לענינען. — מיר פֿאָרן צו צו האָמעל. אונדזער טעפּליושקע גייט די לעצטע.

„אונדזער צוג איז אַוועק אויף האָמעל, ווײַל אין קיִעוו איז אַ שלאַכט.

[1]) דאָרטן, זײַטן 72 און 73.

„אטאך זאכן האָבן אופגערודערט די געשאָמיִע. מיר איז שטיקנדיק און איך בין איינגעמאטערט פון דער וואגאָנישער ענגקייט. איך קלייב זיך ארויס אפן טאָרמאָז. אפן טאָרמאָז שטייט דער קאָנדוקטער—א שווייגנדיקער כאכאָל, ער פרעגט מיך וועגן גאָרנישט ניט אויס.

„דער באן־וועג ציט זיך דורכן וואלד. לאנגזאם גייט דער צוג. א ווינטער־דיקע נאכט שטייט איבערן וואלד.

„עס דערציילט די נאכט וועגן נאָענטע וועלדער, וועגן א גרויסער ליבע צום פאָטערלאנד, צו מענטשן, וואָס לעבן אין די וועלדער. עס דערציילט די נאכט וועגן א שרעקלעכער אויספרווונג, וואָס איז געגעבן דער ערד, וועגן א געפאר, וואָס הענגט איבער דער ערד, וועגן קאמפן בא קיִעוו, וועגן ביר גער־שלאכטן, וועגן רעוואָליוציע, וואָס זינקט אין מאראט.

„וועגן אלץ דערציילט די נאכט.

„און איך קוק אף די יאָדלעס, אפן הימל, אף די פייערלעך פון די אָפּ־גייענדיקע דערפער, ווי כ׳וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען.

„ס׳איז אלץ געפונען. אלץ איז קלאָר. און זאָל פארווידלעכט ווערן די ליבע, וואָס מער פון איר איז נישטאָ. איך בין ווי א זעלנער, וואָס האָט בא־קומען א באפעל אף טויט. ווייל עס זיינען אָנגעקומען טעג, ווען דאָס לעבן קאָן ניט זיין מיינס.

„איך וועל נעמען אף זיך דאָס סאמע גרעסטע, וואָס עס קאָן נעמען א מענטש.

„איך וועל דערהארגענען״ [1].

## VIII

פעטראָגראד איז פול מיט אומרו. די רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג אין די ערשטע טעג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז געשטערט געוואָרן דורך ישיקערע פּאָגראָמען. די קלאסן־סאָנים פון פּראָלעטאריאט, וואָס זיינען דער־שיטערט געוואָרן דורכן ערשטן צעשטערערישן קלאַפּ, הייבן אָן קומען צו זיך. די ליבעראלן, קאדעטן, עסערן, מענשעוויקעס, צוזאמען מיט די פילצאָליקע אָנהענגער פון דער אלטער אָרדענונג און פון דער קערענשטשינע, הייבן זיך אָן צו פאררייניקן, גרייטנדיק קויכעס פאר א קאָנטר־קלאַפּ. פאר דידאָזיקע מענטשן זיינען אלע מיטלען גוט, אלץ איז דערלויבט, אלץ איז אָנעמבאר,— אויב עס גייט נאָר וועגן אראָפּווארפן דידאָזיקע שוידערלעכע באָלשעוויקעס. פונקט ווי אין די טעג פון 3־טן יולי, זיינען זיי גרייט געווען פיזיש צו פאר־

[1] דאָרטן, זייט 73 און 74.

ניכטן די באָלשעוויקעס, דערהארגענענדיק זיי אף די גאַסן, פארמאכנדיק זייערע
צײַטונגען, צעשטערנדיק זייערע דרוקערײַען, רעדאקציעס, קאָמיטעטן און אָר־
גאניזאציעס, לאָזנדיק אין גאנג די סאמע מיִעסטע און עקלהאפסטע רעכילעס
קעגן די, וואָס זײַנען געשטאנען אין דער שפּיץ פון דער באָלשעוויסטישער
באוועגונג, ארעסטירנדיק זיי און ווארפנדיק אין די טפיסעס,—פונקט אזוי
אויך איצט, ווען דער זיגערישער אָקטיאבער האָט אָנגעכאפּט פארן גאָרגל די
גאנצע אלטע בורזשואזע וועלט און האָט זיך מיטן פוס געשטעלט אף דער
ברוסט דעם קלאס, וואָס האָט מיט אלע מיטלען לאנגע, לאנגע יאָר עקספּלו־
אטירט הונדערטער מיליאָנען ארבעטנדיקע, האָבן זיי—אָט דידאָזיקע נעבעכדיקע
רעשטלעך פון דער אלטער מעכטיקײַט, פילנדיק זייער ענדגילטיקן טויט, צונויפ־
געקליבן זייערע אלע לעצטע קויכעס, קעדיי געבן א לעצטן ביס דעם נײַעם
אופגייענדיקן קלאס—דעם קלאס פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט.

אין פּעטראָגראד, אין דעמדאָזיקן צענטער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע,
ווו עס האָט זיך פאָרמירט די נײַע רעוואָליוציאָנערע רעגירונג, זײַנען פון אלע
זײַטן געקומען פרײַנט און פארביסענע סאָנים פון דער נײַער סאָציאליסטישער
אָרדענונג. אומעטום זײַנען געוואקסן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס,
נאָר זיי זײַנען אלע געווען אָן צייַן און אָן קויכעס. זיי האָבן ניט געהאט וואָס
אויסצורעכענען אף די מאסן און, פארשטייענדיק דאָס זייער גוט, זײַנען זיי
געצוווּנגען געווען אריבערצוגיין צו דער אלטער פארשווערערישער פאָרם פון
קאמף, וואָס זי כאראקטעריזירט שטענדיק די אָנמאכט פון א רעוואָליוציאָנערער
אָרגאניזאציע, און אויסקלײַבן אויך דעם אנטשפּרעכנדיקן געווער פון אָנמאכט:
דער איינפּערזאָניקער טעראָר איז איבערגענומען געוואָרן דורך דעם גאנצן אָפּ־
פאל פון דער רעוואָליוציע, ווי דער איינציקער מעטאָד, וואָס קען ראטעווען,
און ווי דער איינציקער מיטל פון קאמף.

נאָר אזוי ווי וועגן טעראָר רעדט מען ניט, נאָר מען טוט עס, האָבן די־
דאָזיקע ליבנסווערדיקע הארן, וואָס זײַנען געווען ניט נאָר צו קאָמאנדעווען
און אָנפירן, נאָר אויך דורכצופירן זאכן מיט פרעמדע הענט, געמוזט זוכן און
געפינען „הארמאטן־פלייש פארן טעראָר”, וואָס זאָל געהאָרכזאם און ניט ווי־
דערשפּרעכנדיק זיך שטעלן אויספילן די פארטראכטונגען פון דער צעיושעטער
און ווײַט ניט ענדגילטיק־צעקוועטשטער קאָנטר־רעוואָליוציע.

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז עס זײַנען געפונען געווען קיין איינצלנע
אָט אזוינע פארצווייפלטע צעטומלטע, יונגע מענטשן, ווי די, וואָס האָבן זיך
אליין פאנאנדערגעלאָזן און געפאָרן פון דעם פאנאנדערגעפאלענעם פראָנט אין
דער רויטער הויפּט־שטאָט, קעדיי זיך דאָ ארויסצווײַזן ווי אומדערווארטעטע
רעטער פון דעם פאָטערלאנד, וואָס האָבן באשלאָסן מיטן נאגאן אָדער בראונינג
אויסצובעסערן דעם היסטאָרישן גורל פון אונדזער לאנד. קיין פּעטראָגראד

זיינען זיי געגאנגען מיט א זעלבסטפּלוט, אומאָרגאַניזירט און ניט אויספּאָרמירט.
די באקאנטשאַפט פון פראָנט, דאָס פראָנט־לעבן און די כאַוועראָשאַפט פון
פראָנט, די ארבעט אפן פראָנט, די פּסיכאָלאָגיע פון מיליטער־לייט לויטן פאך—
דאָס איז געווען דער איינציקער צעמענט, וואָס האָט זיי פאַרייניקט. די קלאסן־
סינע צו דער נייער אָרדענונג, וואָס האָט צעשטערט ניט נאָר אלע פּריווילע־
גיעס, נאָר אויך די דוירעסלאנגע איינגעוואָרצלטע פאָרורטיילן, דער קלאסן־
האס און די אנטוישונג, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעוואקסן און פאנאנדערגע־
פלאקערט אפן פאָן פון פולשטענדיקער פּאָליטישער אמעראצעס, פון אלגעמיינער
אומבאקאנטשאפט מיט דער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקייט און פון דעם אומ־
באדינגטן קראך פון אלע פּערזענלעכע און געזעלשאפטלעכע האָפענונגען און
גלויבונגען,—דאָס האָט פאַרייניקט, צעמענטירט אָט די מילפאַרביקע עלעמענטן,
וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א פולשטענדיק צוגעפּאסטע סוויווע פאַר
פראָפּאגאנדע און אָרגאַניזאציע פון פארשיידנארטיקע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע
און ווייסגווארדעיִשע באנדעס. צונויפגעפּאָרן זיך אין פּעטראָגראד, שאפן, ווילנ־
דיק צי ניט ווילנדיק, די אלע אופגעברויזטע און צעהיצטע העלדן פון פראָנט,
וואָס האָבן ניט געוואָלט אופנעמען דעם רוף פון די באָלשעוויקעס צו גיין אין
קאַמף פאר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין אונדזער צעשטערטן לאנד און
וואָס האָבן געוואָלט פאָרזעצן פארגיסן דאָס בלוט פון דעם רוסישן סאָלדאט
פאר די אינטערעסן פון דער פּאָטערלענדישער און צווישנפעלקערלעכער בור־
זשואזיע,—איז שאפן זיי אלע א מין צוזאמענוויקלונג מיט א באזונדערער קאָנ־
ספּיראטיווער דירע, וואָס איר באלעבאָס איז איינער א קאפּיטאן, וועלכער איז,
קאָן זיין, שוין דאן געווען א מער באוווסטזיניקער קאָנטר־רעוואָלוציאָנער
ווי די איבעריקע, אָבער די גאנצע איבעריקע מאסע,—די אלע יונקערן, סאָל־
דאטן, פאָדפּאָרוטשיקעס,—די אלע זשענעס, מאקסן, ספּירידאָנאווס, איריגעס,
סיאָמעס—זיי אלע זיינען געווען בעעמעס „האָרמאָנ־פלייש" פון דער קאָנטר־
רעוואָלוציע, וואָס האָבן אפילע ניט געהאט קיין באשטימטע, כאָטש אף וויפל
עס איז אויסגעהאלטענע פאַרהאַרטעוועטקייט, איך רייד שוין ניט וועגן א פּרינ־
ציפּיעלער איינשטעלונג, ווייל זיי זיינען געווען מיטלמעסיקע טרוימער, וואָס
האָבן פון קיין שום פּרינציפּן ניט געוווּסט, וואָס זיינען געשווּמען מיט דעם
שטראָם פון דער כוואַליע, וועלכע האָט זיי אונטערגעכאַפּט. די רויטע הויפּט־
שטאָט האָט אף זיי געמאכט א גוואלדיקע ווירקונג, האָט זיי צעלייגט אומבא־
מערקט, זיי אופגעווירקט אף אן אנדער גאנג און בעהאדראָגעדיק פאנאנדערגע־
שרויפּט. די מאגישע און אומבאשרייבלעכע ארבעטער־מיטינגען, די סאָלדאטישע
פארזאמלונגען, די גאנצע רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקייט; האָבן זיי, אָט דידאָ־
זיקע פראָנטאָוויקעס, געצווונגען איינזאפּן אין זיך לאכלוטן אנדערע עלעמענטן,
אנדערע שטימונגען. קימאט בא יעדן פון זיי האָט זיך אָנגעהייבן א פּראָצעס

פון דורכטראכטן. „ווו איז די פרייד פון העלדנטאט? מיט א געהיימניספולן סאם פון סאָפּעק איז ארגיפּטעט דער סייכל. פּײַנלעך איז די מאגייפע פון די פּעטראָגראדער טעג. ווער האָט צעריסן דעם געדאנק, מיט וועלכע אָנשטרענגונגען, פאר וועלכן פּרײַז קען מען אויפקערן די פארלאָרענע פעסטקייט?”[1]).

„דע הארגענען לעניגען”! — אָט איז די אופגאבע, דער באהאלטענער געדאנק פון דידאָזיקע פּראָנטאָוויקעס, און דאָ אין דער הויפּטשטאָט, — און קען זײַן אויך נאָך פריער, — האָט זיך שוין אָנגעהייבן זײַן באהערשנדיקע אומבאשטימטע ווירקונג אפן באוווסטזײַן פון דידאָזיקע מענטשן, וואָס זײַנען געקומען אהער, דאכט זיך, מיט א פעסטן און באשטימטן ציל.

„פונוואנען איז דידאָזיקע מאָדנע און אומבראָנגערישע מאכט זײַנע איבער מיר? ווי איז דאָס געשען, אז דאָס פּאָשעטע און קלאָרע, מיט וואָס איך בין אהער געקומען, האָט זיך פּלוצלונג פארפּלאָנטערט אין שווערן קנויל פון ווי־דערשפּרעכן און איז געוואָרן קאָמפּליצירט און אומפ־רשטענדלעך? ווער האָט פון איר ארויסגענומען יענע רויִקייט, וואָס איך האָב באקומען אין די אָקאָרשט־פארגאנגענע טעג אין דעם אלטן וואָראָבייי־הײַזל? ווער האָט צוגעגו ע פון מיר דידאָזיקע זאך, מיט וועלכע געהיימניספולע וועגן איז אין מײַן נעשאָמע ארײַנגעדרונגען א סאָפּעק און ווער האָט צעריסן אף צוויי די גאנצקייט פון מײַן נעשאָמע?”[2]).

עס פלאמט איף א גרויסער אינערלעכער קאמף, וואָס דרינגט ארײַן אומעטום, אף יעדן שריט, בא יעדן געדאנק נאָכאמאָל און נאָכאמאָל ניט אָפּ־טשעפּענדיק זיך, ניט אָפּטרעטנדיק.

„אסאך טעג — ווי איך גיי נאָך נאָך זײַנע שפּורן.

„לויט די צײַטונגען, ארטיקלען און ווערטער שפּיר איך אים נאָך. בא מיר איז פאר אים גרייט א נאגאן און א באָמבע פון העכסטער קוואליטעט, נאָר מאנכעסמאָל דאכט מיר, אז ער איז בא מיר אין ברוסט און אז איך וועל אים ניט דערהארגענען, אויב אפילע ער וועט זײַן טויט”[3]).

און דערדאָזיקער געדאנק, וואָס טרעט בעשומויפן ניט אָפּ, וואָס דריקט און רופט, ווי א אומשטילבארער דורשט, פּײַניקט געהיים אלץ מער און מער די וועלכע זײַנען אויסערלעך גאנץ און פעסט, גרייטע באם ערשטן רוף אָפּ־צוגעבן זיך און דאָס לעבן אף אויסצופילן דעם שרעקלעכן פארטראכטן געדאנק.

---

1) זע דעם מאנוסקריפּט „אטענטאנט” פונעם זעלבן, פון אונדז ציטירטן, אווטער, זײַט 2.

2) דאָרטן, זײַט 2.

3) דאָרטן, זײַט 8.

זיך וויצלענדיק און פריילעך, אויסערלעך רויִק זײַנען דידאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן אײַנגעאָטעמט אין זיך א פײַנלעכע, נאָענדיקע אָנגענעמלעכקייט פון אייביקער געפאר, דידאָזיקע שטענדיק־פאראקשנטע שפיל מיטן טויט אין נאָמען פון א הייליקן כּיוון, און דאַווקע דאַן, ווען מיט אלע געדאנקען, מיט אלע געפילן, מיט דעם איינזאמען, שטילן און געהיימניספולן פארלאנג ווילט זיך אזוי לעבן און נעמען פון לעבן זײַנע זאפטיקע פרוכטן מיט א פולער ברייטער האנט און טרינקען פון זײַן אומענדלעכן קרוג, ניט אָפּרײַסנדיק די דאָרשטיקע ליפּן, וואָס האָבן זיך אזוי אויסגעפּײַניקט.

„אפן טיש, אונטער איריגאס לידער ליגט א בריוו צו ספּירידאָנאָוון. אין בריוו איז אלץ דערזעלבער גיפט, וואָס איז באהאלטן אין דער הארטקייט פון די צוגעטראכטע ווערטער. אײַל זיך, פארשפּעטיקטער יעגער! די גאנצקייט פון דײַן פויערישער נאטור וועט אויסהאלטן דעם ניסאָיען פון פארפירונג.

„דו האָסט דאָך אמאָל אויך דערהארגעט דעם זשאנדארם, וואָס איז געקומען דיך אײַנשפּילן, און פאר דעם ארומשפּאצירט אף קאטאָרגע, — דו וועסט מיר אויך העלפן זיך אָפּפּארטיקן מיט דעם. מיט דיר, אן ערלעכן און פּאָשעטן, וועט מיר גרינגער זײַן, ווי גרינג עס איז געווען אונטער די לידער פון די פליענדיקע קוילן צו בלאָנדזשען איבערן פעלד און פארגליווערט ווערן אין פײַער פון ראקעטן" [1]).

ווי א טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן א שטרוי, אזוי האָבן אויך דאָ דידאָזיקע אומפּארטײַישע טעראָריסטן מיט עפּעס א געפיל פון אונטערבאוווסטזײַן, ניט אויסרעכענענדיק מער אף זייער אייגענער שטארקייט און אויסגעהאלטנקייט, צעטרייסלטע פון אלע לעבן־באדינגונגען אין דער פעסטקייט פון זייערע באשלוסן, זיך געכאַפּט פאר זייער אידעישן כאַווער־פּארן סאָלדאט ספּירידאָנאָוו, פאר אָט דעם שפּליטער פון דער פּאָלק־מאסע, וואָס עס האָט זיך געדאכט, אז ער איז נאָך ניט באהערשט פון קיינע שום ספּייקעס, וועלכער טוט אלץ גלײַך און דירעקט, מיטאמאָל, זיך ניט פארטראכטנדיק אף גאָרניש, און אָט צו אים איז אין בריוו דער פארצווייפלטער רוף: „קום גיכער, גיכער, אָן דיר וועלן מיר פארפאלן גיין!"

דער פאָרשטייער פון דער פּאָלק־מאסע, דער אויסמושטירטער פון דער סאָלדאטישער דיסציפּלין, דער פארהיפּנאָטיזירטער פון פראָנט, פון די אָקאָפּעס און שלאכטן האָט געדארפט קומען און קרעפטיקן יענע, וואָס האָבן אין טויט פונעם פירער פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע געזען דאָס אלץ, וואָס

[1]) דאָרטן זײַט 2 און 3.

עס דאַרף, לויט זייער מיינונג, ראַטעווען רוסלאַנד... פון די פעלערן פון דער רעוואָלוציע! אויך דאָ איז דער אינערלעכער ווידערשפּרוך געווען קלאָר. ער האָט אונטער דער ווירקונג פון אַלע באַדינגונגען פון קאָמפּליצירטן לעבן פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין דער רויטער הויפּטשטאָט געמוזט באַקומען אַ גרויסע צעטרייסלונג און ענדערונג און דיאַלעקטיש קומען צום אייגענעם קעגנזאַץ: דער אומדערוואַרטער צופאַל, ווי מיר ווייסן שוין פון אונדזער דערציילונג, האָט מיטגעהאָלפן דעמדאָזיקן איינציקן „רעטער". ער ווערט אַפן גרונט פון קלאַסן־געפיל, פון קלאַסן־סאָלידאַרישקייט, פון קלאַסן־עמפּינדלעכקייט פאַרוואַנדלט אין זיין אייגענעם קעגנזאַץ, ווערט אַ „פאַררעטער" פון דער קאָנטררעוואָלוציע, גיסט זיך צונויף מיט די רייען פון זיין אייגענעם קלאַס, פאַרייניקט זיך צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און ווערט איר הייסער קעמפער און פאַרטיידיקער.

און דאָרטן נאָגט אַ ספק, קערט אויס די נשמה, און, אונטערן שלייער פון אַ פאַרקישעפטער קאַלטער רויִקייט, פון אַ באַצויבערנדיקער איינִיקייט און אָפּפערגרייטקייט, צינדן זיך אָן נייע ליידנשאַפטן, פונעם ביז איצט גאָר אומבאַקאַנטן, פונעם סאַמע שרעקלעכסטן, אַלץ פאַרשלינגערנדיקן פייער. און די ספּייקעס ווערן ווידער פאַרטריבן, צעטאָפּטשעט, פאַרדריקט פון דעם ווילן־קויאַפּט, נאָר וואָס קען מען טאָן דאָרט, ווו דער איִז איז שוין צעגאַנגען און ווו דער בוייערנדיקער אַנאַליז, ווי אַ ניטאָנגעזועטיקטער וואָרעם, זעצט פאָר זיין באַהאַלטענע אַרבעט, וואָס האַקט אונטער אַלע וואָרצלען פונעם פריִערדיקן זיין, פון דעם פריִערדיקן באַשלוס, וואָס איז געווען, דאַכט זיך, פעסט, ניט צו ענדערן... און נאָך אַ געדאַנק קומט צו גיין: ניט איך אַליין באַשליס דיך דאָך אף דעם, מיר זיינען דאָך אַסאַך, זיי זיינען אומעטום און דעריקער: „צי דען קענען מענטשן, וואָס זיינען אַזוי אַנערקענט אין די וויסנשאַפטן און אין מעלוכישן פאַרשטאַנד, אַזוי איינהייטלעך אַ טעות האָבן אין זייער אַנטשיידענער פאַרורטיילונג" [1]).

אָט וואָס דאָס הייסט? אפילו „מענטשן, וואָס זיינען אַזוי אָנערקענט אין די וויסנשאַפטן און אין מעלוכישן פאַרשטאַנד", אָט די אַלע איצט אונטערגעגעצטע אויטאָריטעטן, וואָס זיינען נאָך דעמאָלט געשטאַנען אף די הויכע פּיעדעסטאַלן,—אָט אויך זיי זיינען פאַרן דערהאַרגענען לעבינען. ער הערט, ער ווייס, אַז די אַלע קאַדעטן, ענעסן, עסערן, מיטגלידער פון דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, טוער פון דער וויסנשאַפט און קונסט „קלוגע מענער", — זיי אַלע שפּילן אף דערזעלבער דודקע: דערהאַרגענען, פאַרניכטן לעבינען און די באָלשעוויקעס און „ראַטעווען" „דאָס געליבטע פאָטערלאַנד" פון דעם נייעם אָנ־

---

[1]) דאָרטן, זייט 8.

קומענדיקן „טאָטערישן יאָך“, פון ד׳ערדאָזיקער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, פון וועלכער מען האָט זיך ניט ווו צו קערן און ווענדן, און פון וועלכער עס האָבן זיך צעטרייסלט אַלע, פון דוירעס אײַנגעשטעלטע טראַדיציעס און דעריקער — עס זײַנען צום טײַוול אוועק די אַלע פּריווילעגיעס פון די שטאנדן, און עס האָבן געגומען צעגיין, ווי א רויך פון פײַער, די פּארמעגנס, די מיליאָנען און מיליאַרדן, וואָס זײַנען דוירעסלאנג אָנגערויבט געוואָרן פון פּריצים, סאָחרים, בירזשעוויקעס, פון דער בורזשואזיע פון אַלע ראנגען פון די האכנאָעדיקע, אניוועסדיקע מאָנאכן, גאלאָכים און פון אַלע גײַסטלעכע פון אַלע קירכן צו־זאמענגענומען.

— דערהארגענען, דערהארגענען אים — אָט דעמדאָזיקן הײַנטצײַטיקן רויטן טײַוול, דעם אָפּנארער, דעם אָנטיילנעמער און צונעמער פון דעם גאנצן פּריוואט־אייגנטום, ווען אָט די פון שטענדיק געהאָרכזאמע קנעכט פון קאפּיטאל און פון דער ערד — די ארבעטער און פּויערים — האָבן אדאנק אים ניט נאָר אופגעהייבן א בונט, נאָר האָבן זיך אויך פעסט גענומען צו דער מאכט!

— דערהארגענען, פארניכטן! צערײַסן! — דאָס איז דער איינציקער אויסוועג, קיין אנדערער איז ניטאָ, ווײַל אויך די אַלוועלטלעכע רעכילעס האָבן ניט געהאט קיין דערפאָלג צווישן דידאָזיקע דרײַ־מאָל פארשאָלטענע פּראָלעטאריער, וואָס האָבן אנערקענט אים פאר זייער ליבסטן פירער.

— ווי־זשע טראכטן דאָ „די טאמע ערשטע מענטשן פון לאנד“? — האָט זיך געשטעלט די פראגע איינער פון די איבערגעבענע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטן. און אָט דערדאָזיקער „סאמע ערשטער“ איז געקומען, ווײַזט אויס, לויטן רוף פון קאפּיטאַן, וואָס האָט, ווי עס ווײַזט אויס, אָנגעהייבן באַ־מערקן אייניקע וואקלעניש צווישן זײַנע סאָלדאטן פון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע.

## X

„ס׳איז געקומען דער אַלטער עסער, — שרײַבט אונדזער אווטער. — ער זיצט אין זאל באם קלאוויר, אין שטול, וואָס איז אוועקגעשטעלט אינמיטן. ער איז א גרויסער, א דיקער, רעדט מיט א פארכאפּטן אָטעם. ער האָט א גרויסן פּאָנעם, א ביסל א כריפּעדיקע שטים. ער איז אין א פוטער, א פוטערנע היטל אין די הענט. מיט א ביסל א פארדעכטיקטער לעבעדיקײַט און מיט אן אומ־רויִקײַט קוקט ער זיך אום אין די זײַטן, ער איז ענלעך אף א מענטשן, וואָס לעבט ניט ווייניק צײַט אין א גרויסער אומרו און זאָרג. פון דער אנדער זײַט איז ער אינגאנצן העפלעך און אופמערקזאם. זײַן אויסערגעוויינטלעכע פאָר־זיכטיקײַט גיט ארויס זײַן פארלעגנהײַט צוליב דער אומרויִקײַט, וואָס ער האָט

פארשאפט די באַלעבאטים מיט זיין באזוך. נאָר אין דערזעלבער צייט ווייס ער אויך, וואָס ער איז ווערט, און מאכט דעם איינדרוק פון א מענטשן, וואָס איז א ביסל געדריקט פון זיינע אייגענע הויכע מיילעס פון דער אומבאשטרייט־בארקייט פון זיינע רעוואָליוציאָנערע פארדינסטן און הויכן טיטל פון א מיטגליד פון דער גרינדונג־פארזאמלונג"[1].

ווי זאָל ער ניט זיין קיין סענסאציע אין „באָדפירהויז" — אזוי האָבן די פּראָנט־טעראָריסטן אָנגערופן זייער קאָנספּיראטיווע דירע: זיי האָבן אויך א פּאסיקע טערמינאָלאָגיע, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם, מער אָדער ווייניקער, אויסגעארבעטן רעוואָליוציאָנערן זשארגאָן. זיין קומען אהער, וואָס איז, פארשטענדלעך, ניט גלאט אזוי, איז זייער וויכטיק און נייטיק: ער איז געווען א הייליקע פּערזאָן, וואָס האָט דורכגעפירט די הייליקע פּראָצעדור פון פארייניקן דידאָזיקע נעאָפיטן צו דער געהיימער געזעלשאפט פון עסערן, וועלכע זיינען אין ברען פון דער עמעס־דעמאָקראטישער, ברייטער פאָלק־רעוואָליוציע, פארקראָכן אין אונטערערד. ניט צום הארצן איז זיי געווען דידאָזיקע אלהערשנדיקע דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, און דידאָזיקע ארמיי־פירערס אָן ארמייען האָבן געדארפט כאָטש ווי ניט איז, כאָטש ווו ניט איז זוכן און צונויפשלאָגן פאר זיך נייע קאדרען, צונויפשלעפנדיק זיי פון אומעטום, און דערביי האָבן זיי ניט אָפּגעהיט קיינשום פּרינציפּן פון אן ערנסטער קאָנספּיראציע, שוין אָפּגערעדט פון א פּרינציפּיעלער אויסגעהאלטנקייט. וואָס זיינען דאָ פאר א „פּרינציפּן",— ניט פאר זיי איז די צייט, ווען פון אלע זייטן ברעכט זיך דאָס שמאָלינקע פּארטעישע שיפל, וואָס ווערט אין אלע זייטן געוואָרפן דורך דער נייַנטער כוואליע פון דער בעעמעס סאָציאלער רעוואָליוציע. דאָ האָבן ניט ווען צו באטראכטן די, וואָס האָבן שוין לאנג פארלאָרן אָדער פארקויפט זייערע געוועזענע „איבערצייגונגען". דאָ דארף מען האלטן די נאָז אין דער ריכטונג פון ווינט, אלציינס פונוואנען ער קומט, אויב נאָר דערדאָזיקער ווינט זאָל בלאָזן אין אנטיבאָלשעוויסטישן זעגל, אויב נאָר עס זאָל זיין א נאגאן אָדער א באָמבע, וועלכע עמיץ—אפילע אומבאוווסט ווער — וויל ווארפן אהין, אין דער ריכטונג צו סמאָלני, — אָדער שיסן אין דעם אָדער יענעם טוער פון דער סאָוועטישער רעגירונג. אָבער פאר דער „פּארטיזאנישער באנדע" — ווי דאָס רופט זיין אייגענע אָרגאניזאציע איינער פון אירע איבערגעגעבנסטע טוער— איז, פארשטייט זיך, זייער אָנגענעם און אפילע נויטווענדיק צו באקומען א וועלכע ניט איז אויספּאָרמירונג, ווייל דאָס אליין ברענגט שוין מיט זיך זיכערע נוצן.

---

[1]) דאָרטן ז. 10.

„די גאנצע כאווריע האָט זיך צונויפגעזאמלט, און מיר שאפן ארום איר אן אופמערקזאמע אודיטאָריע. זײַן קומען אהער איז נײַ און פילבאדײַטנדיק: צי וויל מען דאָ ניט געבן א וועלכע עס איז פּאָליטישע בירגערשאפט אונדזער זעלבסטאָרגאניזירטער קאמף־דרוזשינע, וואָס איז געבוירן דורכן פראָנט און איז אָנגעפילט מיט א גאנץ באשטימטן — אינהאלט מיט א הייסן פארלאנג צו הארגענען באָלשעוויקעס און פארניכטן קאָמוניסטן? צוגייענדיק צום איניען פון דאָזיקן שטאנדפונקט, איז דעם אלטן עסערס באוויזן זיך צווישן אודנז, פארשטענדלעך, א וויכטיקע געשעעניש, דורך אים וואקסן מיר אויס אף א גאנצן קאָפּ, אָן אים זײַנען מיר פּאָשעט א פּארטיזאנישע באנדע, וואָס פרווט מיט פוסטע אָנפליִען צו אָנטאָן דעם סוינע שאָדן און וואָס עקזיסטירט דורך „זעלבסט־דערנערונג” — דורך אים זײַנען מיר א רעגולער אָפּערירנדיקער טייל, און עס דערלויבט זיך אונדז אפילע געבן זיך א נאָמען, און פון איצט אָן וועלן מיר ארײַנגיין אין דער גרופּע פון יענע קאמף־מיטלען פון דער גרויסער ארמיי צו ראטעווען דאָס פאָטערלאנד און די רעוואָליוציע, וועלכע פאָרמירט זיך און גרופּירט זיך ארום דעם אָבוכאָווער זאוואָד, און אויב דאָס איז אן ארמיי, איז דאָך אוואדע אין דערדאָזיקער ארמיי פאראן אן אינטענדאנטישער טייל מיט זײַנע פּראָוויאנט־ און געלט־מיטלען.

„דורך דעם אלטן עסער זײַנען מיר א טייל פון א גרויסער גאנצעס, ווײַל וואָס עס זאָל ניט זײַן דערנאָך, אָבער איצט דערצײלט אונדז דער אלטער עסער וועגן רײַאָנען, שטאבן, דרוזשינעס „אין יעטווידער מאָמענט”, וועגן טויזנטער „לויטן ערשטן רוף”, וועגן א וווּנדערלעכער אָפּגרווילִיקײַט, וועגן שטורענג־ דורכגעטראכטע סטראטעגיעס און וועגן דעם, וואָס שטייט איבער אלעם, — אויסשטראלנדיק פון זיך קוואלן פון מעלוכישער כאָכמע און פעסטער מאכט, — דער קאָמיטעט. דאָס איז גוט, דער קאפּיטאן איז א יאט”[1].

אָט דאָס איז אן עמעסע צונויפשמעלצונג פון נעשאָמעס! גיט א קוק אף דעמדאָזיקן רירנדיקן בילד: דעם עסער איז נייטיק „הארמאטן־פלייש” פארן נײַעם טעראָריזם. וועגן טעראָר רעדט מען דאָך ניט, טעראָר פירט מען דורך. דערמאָנט ער זיך, ווי עס ווײַזט אויס, די אלטע געבאָטן פון דער רומפולער „נאראָדנאיא וואָליא”. און דערפאר... דערפאר האָט ער אליין, בליסאָפּעק, לויטן אופּטראָג פון יענעם וווּנדערלעכן „קאָמיטעט”, וועלכער האָט — לויט דער ריכ־ טיקער באמערקונג פון אווטער פון די נאָטיצן — געזארפט „אויסשטראלן פון זיך קוואלן מעלוכישע כאָכמע און פעסטע מאכט, — געבראכט פאר א קאָרבן זײַן צײַט און זײַן רו, געזוכט אין אלע ווינקלען פון פעטראָגראד, סטארענדיק זיך געפינען, צונויפשמידן אן „אקטיוו” פאר זײַן „פּארטיי”, מעג ער כאָטש באַ־

[1]) דאָרטן ז. 11.

שטיין פון פראָנט־אוואנטיוריסטן, וואָס זײַנען לאַכלוטן קיינעם ניט באקאָנט און אנדערע צו זיי ענלעכע און אויך אזוינע געשעצטע און „פארטעיִש־אויסגע־האלטענע" מענטשן.

צי איז דען ניט אלציינס געווען איצט דעם טרויעריק־באוווּסטן פאָרזיצער פון דער גרינדונג־פארזאמלונג וו. טשערנאָוון, אָדער דעם אינגאנצן מעשוגע געוואָרענעם גאָץ, אָדער עמיץ אן אנדערן פון דערדאָזיקער „מאכנע דומפולע", ווער עס וועט פאר זיי טאָן זייער מיִעסע ארבעט: מע דארף זיך ווונדערן, וואָס בא זיי האָט ניט געקלעקט קיין פולווער, דרייסטקײַט און אײַנ־פאלן צו אָרגאניזירן די פּאָליטישע האריגעס אין דער צײַט פון דער דיקטא־טור פון פראָלעטאריאט דורך געדונגענע גאזלאָנים, דורך דירעקטע באנדיטן, אָדער פארצווייפלטע קרימינאלניקעס, וועלכע זאָגן זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון „נאסע איניאָנים", וואָס ווערן פארטראכט אין די פארשיידענע „מאלינעס" בא די קיִעווער טשעבעראטשקעס און אנדערע צו איר ענלעכע טוער פון דער קרימינעלער וועלט.

אויסנוצן געווער פון אויסגעשפּראָכענע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן, געווער פון די ווײַסגווארדייער קעגן די רעוואָליוציאָנערן פון אן אנדער פארטיי איז פונקט אזוי שווידערהאפט, פאראנטוואָרטלעך און שענדלעך, ווי אויסנוצן געווער פון באנדיטן און קרימינאלניקעס. נאָר די עסערן האָבן ניט געהאט וואָס צו פארלירן, ווײַל זיי האָבן שוין פארלאָרן אלץ — און זיי זײַנען געגאנגען „וואַ־באנק".

נאָר צי דען קען אן עסער זיך ניט אויספּײַנען כאָטש צוליב פוץ, ניט אויסטויינען זיך אביסל אין זשילעט א לייאדע באגעגנטן מענטשן וועגן דער ביטערער דאָלע פון פאָלק, וועלכן ער איז בארופן, אום־באוווּסט דורך וועמען, צו באשיצן און אויסבעסערן, צי דען קען ער ניט העלדעווען זיך מיט זײַן ווונדערלעכער קעמפערישער פארגאנגענהײַט, מיט זײַנע פארדינסטן, פארטעיִשע אָרדענס און ראנגען, קעדיי זיך כאָטש ווי ניט איז, כאָטש מיט עפּעס, כאָטש מיט א וועלכער עס איז אָנעטשע פארדעקן זײַן פּאָליטישע שאנד און די גרויסע פרינציפּלאָזיקײַט פון זײַנע האנדלונגען און איבערצײַגונגען.

„ווען די גאנצע אָפּעראטיוו־פראקטישע ארבעט איז אויסגעשעפּט, ווערט דער שמועס לעבעדיקער — דער שמועס גייט אריבער אף מער פריוואטע טע־מעס, — פארשרײַבט דער אווטער פון די נאָטיצן. — אונדזער גאסט דערציילט אונדז וועגן העראָיִשן פינפטן יאָר, וועגן פארשיקונג און טפיסע־לײַדן, וועגן דער ערשטער מעלוכע־דומע, וועגן לאנגע יאָרן פון עמיגראציע, וועגן דעם, ווי ער איז אין פאריזש געווען א שוסטער און וועגן אסאך אנדערע זאכן, כאָטש עס דאכט מיר, אז ער רעדט וועגן דעם ווי וועגן עפּעס אן אויסער־

געלערנטע זאך, וויסנדיק די מאָס פון דעם עפעקט, וואָס עס מאכן זייַנע דערציילונגען, דאָך ברענט און צינדט זיך אָן די הארץ פון זייַנע דערציילונגען, ווי פון די אלטע לידער פון דער רעוואָליוציע.

„דער אלטער עסער איז גוטמוטיק געשטימט, רעדט אסאך, האלב וויצלענדיק זיך, שמייכלענדיק, נאָר איך, קוקנדיק אים אויפמערקזאם אין די אויגן, זע, ווי ערנסט און ניט פריילעך עס זייַנען די אויגן אפן שמייכלענדיקן פּאָנעם, די אויגן, וואָס קוקן אונדז אזוי אויפמערקזאם ארום. און דורך די דאָזיקע אויגן, ווי דורך שויבן, זע איך אין אים די נעשאָמע, אויך אזא צערודערטע און ברענענדיקע און אויך אזא אָנגעזעטיקטע מיט ליידן. און אָט דאָס, וואָס פון די דאָזיקע אויגן ווייט מיט ליבע און לייַדן, — דאָס דאכט זיך אויס פאר דאָס סאמע גרעסטע און סאמע רירנדיקסטע פון דעם, וואָס ער איז און וואָס אין אים איז פאראן. און איך באקום אביסל ראכמאָנעס אף אים, וואָס ער, אזא אלטער און גוטער, וואָס האָט אזויפיל אָפּגעגעבן פון זייַן לעבן פאר דעם, וואָס גייט איצט אונטער, דארף אזוי אָנגעשטרענגט, און קאָן זייַן, צוגעפּוצט, דערציילן די אומבאקאנטע מיליטער־לייַט, קעדיי די הערצער פון די אומבאקאנטע מיליטער־לייַט זאָלן זיך ניט וואקלען, און באם ארויסזאָגן דאָס אויסגעלערנטע מיט אומרו באטראכטן די צוהערער. אזוי קוקט א קאָמאנדיר, וואָס איז ניט זיכער מיט זייַנע סאָלדאטן. אזוי קוקט א גאסן־זינגערן, ווען, פארווייַלנדיק אייַך מיט א ליד, שפּירט זי נאָך מיט אומרויִקע אויגן נאָך די באוועגונגען פון אייַערע הענט"[1].

וואָס פאר א הילכיקן, וואָס לאָזט זיך מיט קיין זאך און קיינמאָל ניט אָפּוואשן, בעעמעס שענדלעכן פּאטש עס האָט באקומען, באקומט איצט און וועט באקומען נאָך א לאנגע צייַט די „פארטיי" סאָציאליסטן־רעוואָליוציאָנערן פון די, וועמען זי האָט אליין צונויפגעקליבן אין אירע רייען, וועלכע זייַנען אין יעדער מינוט, לויטן רוף פון „קאָמיטעט", געווען גרייט „פארוואַרפן מיט היטלען" די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע און וועלכע האָבן בעעמעס שוין פון לאנג — לויטן טרעפלעכן אויסדרוק פון אווטער פון די נאָטיצן — גלענצנד געוווסט, אז זייערע „פירער" זייַנען שוין פון לאנג אָן אליין ענלעך אף אָט דער „גאסן־זינגערן", וואָס „פארווייַלט אייַך מיט א ליד", „קוקנדיק מיט אומרויִקע אויגן אף די באוועגונגען פון אייַערע הענט".

די עסערן, וואָס האָבן „געבעטן א נעדאָווע" בא „אומבאקאָנטע מיליטער־לייַט", האָט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל שטרענג באשטראָפט דער גוירל ניט נאָר פאר זייער אויסערגעווייינטלעך ־ אומנאטירלעכער לייַכטזיניקייַט, נאָר אויך פאר יענער אָפענער פּאָליטישער געפאלנקייַט, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן אויך דאָ,

---

1) דאָרטן ז. 11 און 12.

אין זייער פאבריצירטן און דורך זיי באגײַסטערטן ערשטן אַטענטאַט אפן הויפּט פון דער סאָוועטישער רעגירונג, אפן פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און 3־טן אינטערנאציאָנאַל, ווו זיי זײַנען זיך באגאנגען אויך אזוי מיִעס, נידעריק; לעיוצלעכדיק און נישטיק, ווי בא זייערע אלע מײַסים אין די צײַטן פון דער פעווראל־ און אָקטיאבער־רעוואָליוציע. דידאָזיקע נײַע אנטדעקונג פון דער עמעס קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער, שענדלעכער און עקלהאפטער ראָל פון דערדאָזיקער באנקראָטירטער פּאַרטיי באשטעטיקט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל די ריכטיקײַט פון דער ליניע אין אונדזער באציִונג צו די מיטגלידער פון דערדאָזיקער פּאַרטיי, וואָס עס האָט אזוי פעסט גענומען די מאכט פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט. דידאָזיקע שענדלעכע טאטן זייערע וועט דער פּראָלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט קיינמאָל ניט פארגעבן און ניט פארגעסן בא קיין שום באדינגונגען ניט.

## XI

נאָר דאָס באווײַזן זיך פון דער „סאמע ערשטער פּערזאָן" האָט אויך ניט געהאָלפן. די געהויבענע שטימונג האָט לאנג ניט געדויערט, און דער וואָרעם פון ספּייקעס האָט אומופּהערלעך אלץ גענאָגט און גענאָגט.

אין אָנהויב איז איינער—און צי דען נאָר איינער?—געווען פול מיט ספּייקעס, און אָט איצט האָט זיך א צווייטער אָנגעהויבן וואקלען, נאָר פארשטענדלעך, באהאלטענערהייט, קימאט אומבאמערקט פאר דעם זײַטיקן אויג!

„אָט דעמדאָזיקן שמייכל, מײַן ליבער יינגערער אָפּיצער, האָב איך פריִער בא דיר ניט באמערקט, טראכט איך,—שרײַבט דער אווטער פון מאנוסקריפּט „אטענטאט".—עס קאָן זײַן,—זעצט ער פאָר,—אז אויך דיך האָט פארקישעפט דער טײַוולשער קויעך? [1]).

און ווער זשע איז עס דערדאָזיקער „טײַוולשער קויעך"? פארשטענדלעך, אז אלץ דערזעלבער וול אדימיר איליטש לענין.

מע גרייט זיך צום אטענטאט. מע ארבעט פאנאנדער פּלענער. אלע ווארטן אף עפּעס. נערוועז. פארומערט. האָפּערדיק־זאָרגלאָז טרינקט מען, מע פלירטעוועט, מע שפּילט אף דער גיטארע, און דאָרט אין דער טיפעניש נאָגט אלץ און נאָגט דערזעלבער וואָרעם פון ספּייקעס.

„דעם דריטן טאָג, ווי איך האָב ארומגעבלאָנקעט ארום זײַן פּאלאץ, ווו ער לעבט און ווו עס האָבן פריִער געלעבט די אינסטיטוטקעס.—ווי א שטורעם

---

[1]) דאָרטן, זײַט 18.

האָט זיך אופֿגעהייבן אַן אומשטילבאַרער פֿאַרלאַנג אים צו זען. אַלצײַנס! און ווען איך וועל אים זען, דעמאָלט וועל איך זיך אַלץ דערוויסן"[1].

אָט איז ער, דער פֿאַרלאַנג, וואָס טרעט ניט אָפּ: זען, אַ קוק טאָן, און, קאָן זײַן, אויך דערהערן דעם, ווען מען „אַלע" זאָגן — מע דאַרף דערהאַרגענען. אַן אָריגינעלער אומדערהערטער פֿאַרלאַנג בײַ אַ טעראָריסט! „קאָן זײַן, איך וועל אים דערזען אַ טויטן, אָדער קאָן זײַן איך וועל אים דערזען דאַן, ווען עס וועלן דעם לעצטן מאָל אַ קוק טאָן די אויגן, וואָס האָבן דערזען דעם טויט"[2].

אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער זען אים, וואָס עס זאָל ניט זײַן; און צי דאַכט זיך אײַך ניט, לייענער, אַז אין אָט דעמדאָזיקן „קאָן זײַן... כ'וועל זען אַ טויטן".. איז פֿאַראַן אַזוי פֿיל, אַזוי שרעקלעך פֿיל טראַגישער סאָפּעק, אַז נאָך טיפֿער באַוועגט זיך נאָר איינס: דערזען אים אַ לעבעדיקן, הערן, זיך דערוויסן, ווער און וואָס ער איז? וווּהין, נאָך וואָס און וועמען ער רופֿט?

„דאַכט זיך, אַז ווי איך וועל אים נאָר דערזען, — און אַלץ וועט ווערן קלאָר כ'וועל דערזען און פֿאַרשטיין. כ'וועל דערזען, און אַלץ וועט קלאָר זײַן"[3].

ווער איז ער? — אָט איז די פֿראַגע, וועלכע האָט זיך אַקשאָנעסדיק געשטעלט ווי דער אוראַלטער גורל, ווי אָט דער שיקזאַל אַליין, ווי אַ „היסטאָרישע נויטווענדיקייט" פֿאַר דעמדאָזיקן איינזאַמען טוער אין זײַן „קאָלעקטיוו", אין זײַן „באַנדע". און אויב מע האָט פֿריִער אַרומגעשעפּטשעט, אַז ער איז אַ סוינע פֿון דער מענטשהייט, האָט איצט עפּעס אַ שווינדל געטאָן און אַ שלאָג געטאָן אין סאַמע האַרצן: „אָדער ער איז דער פֿאָרזאָגער פֿון אַ נײַעם עמעס, דער נאָווי פֿון אַ נײַער קעניגרײַך?"[4].

## XII

אָט דאָס זײַנען די אינערלעכע שטורעמס, וואָס האָבן באַהערשט איינעם פֿון די, וואָס איז געווען אַ שטענדיקער און אומפֿאַרבײַטלעכער, דער זיכערטטער מיטגליד פֿון דער מיליטעריש־טעראָריסטישער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וועלכע עס האָט אַזוי גרינטלעך אויפֿגעקלערט דער „דיקער, צעפֿלאָסענער" עסער, וואָס האָט אַזוי אָפּט באַזוכט דעם „באָדפֿירהויז", — דידאָזיקע קאָנספּיראַטיווע דירע פֿון די פֿאַרצווייפֿלטע פֿאַרשווערער, וואָס זײַנען אויסערלעך פֿאַרבונדן, ווי עס האָט זיך געדוכט, מיט דער שטרענגסטער מיליטערישער דיסציפּלין.

---

[1] דאָרטן, זײַט 9.
[2] דאָרטן, זײַט 98.
[3] דאָרטן זײַט 9,
[4] דאָרטן זײַט 9.

דאָס זײַנען געווען ספּייקעס און טיפע, קימאט טראגישע, איבערלעבונגען, און דאָרטן „האָט דער מוילווורף געטאָן זײַן ארבעט". דער קאפּיטאן—דער אויסגעשפּראָכענער שווארצמייעניק און אָנהענגער פון דער אלטער אָרדענונג—האָט זיך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, קעדיי זיך אום יעדער פּרײַז צו ספּראווען מיט דער אופגאבע און אײַנאָרדענען דעם אטענטאט אף וולאדימיר אילײַטשן. ער האָט דערשמעקט, אז וולאדימיר איליטש קומט צו מיר אף דער דאטשע אָפּרוען, און אזוי ווי איבער סמאָלני האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז איך וויל ארום ערשטן יאנוואר אוועקפאָרן אף עטלעכע טעג הינטערן שטאָט, האָט ער, דערווּיסנדיק זיך עס, גלײַך געשיקט קיין פינלאנד „יונקערן", וועלכער זײַנען אים אונטערטעניק.

„יונקער זאָל פאָרן הײַנט אין פינלאנד אף דער סטאנציע **. עמיצער האָט געזאָגט, אז לענין איז דאָרט מאנכעס מאָל פאראן און קלײַבט זיך די טעג אהין אף אָפּרוען" [1].

„וואָס קען מען וויסן",—טראכט זיך דערדאָזיקער פארביסענער שווארצמייעניק,—עפּשער וועט זיך דאָרטן „אין פינלאנד" עפּעס וואָס אײַנגעבן צו דערשמעקן. אָבער ער וויל ניט ארבעטן נאָר אין איין ריכטונג. זײַנע זוכענישן, זײַן אויסשפּירונג ווערט געפירט ריין מיליטעריש אין פארשיידענע ריכטונגען. האנדלען דורכן סמאָלני—אָט דאָס קאָן זײַן אן אויסערגעוויינטלעך פארשלעפּטער איניען. אין סמאָלני איז ארבעטן שווער,—אָנערקענט ער,—ארום סמאָלני זײַנען זייער באגרענעצטע מעגלעכקײַטן. באָנטש-ברויעוויטשעס דירע איז אסאך באקוועמער" [2], כאָלעמט ער. אוואדע! דאָ איז ניטאָ קיין שמירע, קיין אופזיכט, אָבער דאָ איז פאראן די געניטקײַט פון אלטע קאָנספּיראטאָרן-רעוואָליוציאָנערן, וואָס ווייסן אויסגעצייכנט דאָס קאמף-לעבן און פארשטייען זייער גוט אָפּצוהאקן די וועגן די, וועלכע ווילן זיי נאָכשפּירן. און אָט, ניט געקוקט אף גאָרנישט, האָט דאָ געלעבט וולאדימיר איליטש און געפאָרן פונדאנען סײַ אף א דראָשקע, סײַ אין טראמוויי, איז געגאנגען צופוס און פלעגט דאָ זײַן סײַ באטאָג, סײַ באנאכט, און ניט דעם קאפּיטאן, און ניט עמיצן אן אנדערן האָט זיך אײַנגעגעבן דאפּקע דאָ נאָכצושפּירן וולאדימיר איליטשן, און, ווי עס ווײַזט אויס, האָט זיך דאָס זייער געוואָלט סײַ דעם-דאָזיקן קאפּיטאן, סײַ די אנדערע טויער פון דער שווארצמייע און ווײַס-גווארדיישטשינע.

אהער איז געשיקט געוואָרן ספּירידאָנאָוו, און פונדאנען איז דערדאָזיקער ספּירידאָנאָוו, ווי א נײַ-געבוירענער, אוועק, ווי עס איז שוין באוווּסט ניט אין

[1] דאָרטן זײַט 5.
[2] דאָרטן זײַט 3.

„באָדפירהויז“, נאָר גלײַך צו מיר אין סמאָלני, אין פינפונזיבעציקסטן צימער, וועלכער איז דעמלט אזוי פארהאסט געווען בײַ דער גאנצער קאָנטר־רעוואָליוציע.

אין סמאָלני האָט באם קאפיטאן—דעם הויפט פון דער „פארטיזאנישער באנדע“—געארבעט דער „טעכנאָלאָג“, אף וועמען ער האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען און אויך געשאָלטן פאר זײַן לאנגזאמקײַט.

„דער „טעכנאָלאָג“ זאָגט אלץ צו, און זאָגט צו נאָר ער, דער קאפיטאן, גלויבט ניט, אז פון דעם טעכנאָלאָג וועט עפעס וואָס ארויסקומען“... [1].

## XIII

א געהײמניספולע פערזענלעכקײַט איז דערדאָזיקער „טעכנאָלאָג“. עס וועט קומען א צײַט, ווען מיר וועלן זיך דערקלײַבן ביזן סאמע סאָף אויך פון די אלע פערזאָנען, וואָס נעמען דאָ אן אָנטייל, און מיר וועלן זיי אופדעקן לויט די פאמיליעס, קעדיי זיי צו פארפיקסירן אין די אנאלן פון דער געשיכטע. נאָר איך קען ניט זיך ניט דערמאָנען, אז ארום דערדאָזיקער צײַט האָט זיך אין סמאָלני ארום די צימערן, וועלכע עס האָט פארנומען די רעגירונג, די גאנצע צײַט געדרייט א סטודענט־טעכנאָלאָג, וואָס האָט אײַנגעגעסענערהייט פאָרגעלייגט זײַן הילף. ער איז געווען אן עסער, האָט פארשטענדלעך זיך אָנגערופן לינקער עסער, וואָס זיי האָבן אין יענער צײַט געארבעט צוזאמען מיט די באָלשעוויקעס. און דאפקע מיט דערדאָזיקער אײַנגעגעסנקײַט האָט ער זיך מיר אויסגעוויזן צו זײַן זייער פארדעכטיק, און איך האָב אָנגענומען מיטלען, קעדיי [נ]יט דורכצולאָזן אים אין דער געבײַדע פון ראטספאָלקאָם. ער פלעגט אָפט זײַן אפן צווייטן שטאָק פון סמאָלנע, ווו אין דער פריעסע־אָפטיילונג האָט געארבעט זײַנע א קרויווע אלס מאשיניסטקע. אין דעמדאָזיקן צימער פלעגן גיין אסאך מענטשן נאָך פארשיידנארטיקע אָנפראגעס, און טאקע אין דעמדאָזיקן צימער האָבן דעם טעכנאָלאָג אָפט געזען די אגענטן פון פינפונזיבעציקסטן צימער. קיינשום אנדער פארדעכטיקן אײַנדרוק האָט ער ניט געמאכט, כאָטש ער איז בײַ אונדז פארצייכנט געווען ווי א סוביעקט, וואָס האָט ליב אסאך צו ריידן און וואָס פארמאָגט אן איבעריקע נײַגעריקײַט. איצט, נעמענדיק אין אכט אלע אומשטענדן, קאָן מען טראכטן, אז דאווקע ער פלעגט אויספירן ליעטויוועס דער קאָנטר־רעוואָליוציע. און זייער מעגלעך, אז טאקע ער איז געווען יענער „טעכנאָלאָג“, וואָס פיגורירט איצט אין דידאָזיקע דאָקומענטאלע באווײַזן וועגן ערשטן אטענטאט אף וולאדימיר איליטש.

[1] דאָרטן, זײַט 3.

בייס דער ערשטער אויספאָרשונג פון דעמדאָזיקן איניען איז ער אין אונדזוערע נעצן ניט אריינגעפאלן, נאָר עס געדענקט זיך, אז אין סמאָלני האָט מען אים מער ניט געזען. ער האָט זיך אומבאמערקט פּלוצלונג באוויזן, ווען די אויספאָרשונג פון דעמדאָזיקן איניען האָט זיך פארענדיקט, ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן די פראקטישע צוגרייטונג צום אריבערפאָרן פון דער רעגירונג פון פעטערבורג קיין מאָסקווע. אין דידאָזיקע טעג האָט ער זיך אָנגעהייבן בעטן אים מיטצונעמען קיין מאָסקווע. ער האָט אונדז געמאָלדן וועגן זיך, אז ער איז א לינקער עס־ער. צום באדויערן, איז ער בעעמעס געווען באקאַנט מיט אייניקע לינקע עס־ערן, וואָס האָבן געהאט א דירעקטן צוטריט צו דער רעגירונג.

ניט געקוקט אף די באקאָשעס פון אייניקע, אין יענער צייט גאנץ אווטאָריטעטע כאווירים פון די לינקע עס־ערן, האָב איך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען אים מיט זיך אין צוג, אים באזייטיקט פון סמאָלני און פארגעלייגט אים מער אהער ניט צו קומען. לויט אלע ווארשיינלעכקייטן איז טאקע דערדאָזיקער סטודענט פון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט געווען יענער „טעכנאָלאָג“, וואָס האָט זיך געפונען אין פארבינדונג מיט דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער קאָמפּאניע, פאר וועלכער ער האָט זיך אָנגענומען נאָכשפּירן וולאדימיר איליטשן. מע קען דאָ ניט ניט באמערקן, אז די עסערן האָבן, ווי עס איז איצט אף זיכער פעסטגעשטעלט, געגרייט אן אטענטאט אף אופצורייסן דעם צוג, אין וועלכן עס איז אריבערגעפאָרן די רעגירונג, און זיי איז דאָס ניט געלונגען דעריקער צוליב דעם, וואָס מיר האָבן אינגאנצן צעטומלט די עסערן מיטן אָפּשיקן קיין מאָסקווע א גאנצע ריי אויסעראָרדנטלעכע צוגן פון פארשיידענע פעטראָגראדער סטאנציעס, און צווישן דערדאָזיקער נעץ פון פאסאזשיר־פראכט־מיליטער און אנדערע צוגן איז אינגאנצן אומדערווארט, פון לאכלוטן אן אומבעקאָנטער אייזנבאן־פלאטפאָרם, אָפּגעגאנגען דער רעגירונג־צוג, אין וועלכן איך האָב באוווסטזיניק ניט גענומען קיין איין לינקן עס־ער, ווייל די קלאנגען וועגן אן אטענטאט, וואָס ווערט געגרייט, זיינען צו אונדז דערגאנגען און איך האָב גערעכנט, אז פון די לינקע עס־ערן, וואָס האָבן שטענדיק געהאט א פארבינדונג מיט די אנדערע גרופּעס פון זייער פּארטיי, וועלן זיך וועגן אונדזער אָפּפאָר אויך דערוויסן די רעכטע עס־ערן, וועלכע האבן געשליפן די ציין אף דער יונגער סאָציאליסטישער רעגירונג [1].

און אָט באווייזט זיך אין „באָדפּירהויז“ דער „טעכנאָלאָג“, און „דער פארטיזאנישער באנדע“, וואָס האָט זיך צוגעשמירט צו דער עסערישער וועלט ווערט באוווסט, אז דאפקע היינט, דעם ערשטן יאנוואר, „באגלייט מען רויט־

[1] וועגן דעם געפינט, זע מיין בראָשור „דאָס אריבערפאָרן פון דער סאָוועטישער רעגירונג פון פעטראָגראד קיין מאָסקווע“.

גוואַרדייער אפן פראָנט. די באַגלייטעגישן קומען פאַר אין צירק טשיניזעלי. לענין האָט צוגעזאָגט דאָרטן זײַן. מע וואַרט צו 8 אזייגער"[1]. די יעדיעט, וואָס דער „טעכנאָלאָג" האָט געבראַכט דירעקט פון סמאָלני, און דידאָזיקע אומדערוואַרטע מיטיילונג האָט ניט געקאָנט ניט איבעראַשן אַלע קאָנספּיראַטאָרן פון „באָדפירהויז". בא אונדז שווימט איצט ניט ווילנדיק אויף די פראַגע, אף וועלכן אופן האָט געקאָנט דערדאָזיקער „טעכנאָלאָג" באַקומען אין סמאָלני די יעדיעס, ווען אַלע אַרויספאָרן פון וולאַדימיר איליטשן זײַנען שטענדיק געווען אײַנגעאָרדנט העכסט קאָנספּיראַטיוו?

ווי איך האָב שוין געזאָגט, בין איך נאָך דעם 29־טן דעקאַבער 1918 יאָר, ניט נאָר מיט דער דערלויבעניש, נאָר לויטן דירעקטן באַשטיין פון וולאַדימיר איליטשן, אוועקגעפאָרן קיין פינלאַנד אף א קורצן אָפּרו, ווײַל איך האָב זיך שוין אײַנגאַנצן אויסגעמאַטערט פון דער אויסערגעוויינלעך אָנגעשטרענגטער אומופהערלעכער נאַכט און טאָג־אַרבעט אין מעשעך פון די צוויי א האַלבע כאָדאָשים פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף. ניט געקוקט אף דעם, וואָס איך האָב גרינגטלעך דורכגעטראַכט, ווי אזוי צו פאַרהיטן אין דידאָזיקע טעג וולאַדימיר איליטשן, און ניט געקוקט אויך אף דעם, וואָס איך האָב זייער געבעטן אים אין דידאָזיקע טעג ניט אַרויספאָרן, ווײַל דאַפקע אין די אַרויספאָרן איז געווען די סאַמע גרעסטע ריזיקע, איז דאָך געשען אזוי, אז ער האָט אומבאַדינגט געדאַרפט דעם 1־טן יאַנוואַר 1918 י. אַרויספאָרן אפן מיטינג פון די רויטגוואַרדייער. געוויינלעך, ווען וולאַדימיר איליטש האָט געוואָלט אַרויספאָרן פון סמאָלני, פלעגט ער מיר שטענדיק פריער מיטיילן וועגן דעם. מיר פלעגן פונקט צו דער מינוט אין דער אָפּגערעדטער שאָ געבן דעם אווטאָמאָביל,—און קימאַט שטענדיק פון א פאַרשיידענעם נומער,—צו איינער פון די פילצאָליקע טירן פון סמאָלני, דערבײַ פלעגט ניט דער שאָפער און ניט עמיץ אַן אַנדערער, אויסער די באַזונדערס באַגלויבטע מענטשן, ניט וויסן, ווען עס וועט פאָרן וולאַדימיר איליטש, צו וועלכער טיר דער אווטאָמאָביל דאַרף צופאָרן און וווהין פאָרן הײַטער. דאָס אַלץ פלעגט מיטגעטיילט ווערן אין דער סאַמע לעצטער מינוט אינגאַנצן אומבאַמערקט און באַזונדערס קאָנספּיראַטיוו. דעם 1־טן יאַנוואַר 1918 יאָר האָט מען אין מײַן אָפּוועזנהײַט פאַרנאַכלעסיקט דידאָזיקע שטרענגע טאַקאָנעס. דאָס אַלץ איז מיסטאָמע געטאָן געוואָרן פאַרייבפאַכט, מיט ריידערײַען, און צווישן די באַלעבעסלעך פון סמאָלני האָט זיך בליסאָפּעק גלײַך פאַרשפּרייט א גערייד, וווהין, נאָך וואָס און ווען וולאַדימיר איליטש וועט אַרויספאָרן פון סמאָלני. און האָט מען נאָר פאַרנאַכלעסיקט די דאָזיקע שטרענגע קאָנספּיראַטיווע טאַקאָנעס, וואָס מע דאַרף זיי אין אזא

---

[1]) דאָרטן, זײַט 19.

קאמף־צייט אויספילן גרינגלעך און ניט געשטערט,—איז דידאָזיקע פארברעכערישע נאכלעסיקייט האָט זיך טייקעף ארויסגעוויזן. די אויסשפירונג פון סוינע האָט גלייך אָנגעשפיצט די אויערן. „דער „טעכנאָלאָג", וואָס האָט זיך, ווייזט אויס, נאָך אלץ דאָ ארומגעדרייט, איז, באקומענדיק די ידיעס, טייקעף אוועק צום קאפיטאן, יענער אין „באָדפּירהויז" און די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן זיינען לעבעדיקער געוואָרן.

## XIV

ס'איז געקומען די צייט, אז די פראָנט־טעראָריסטן צוזאמען מיט די צוגעשטאנענע עס־ערן זאָלן אָנהייבן טאָן.

נאָך דער מיטיילונג פון „טעכנאָלאָג" און נאָך די פראקטישע פאראָרדענונגען פון קאפיטאן האָט זיך אלץ גענומען רירן. אין „באָדפּירהויז" איז א קאזארמע,—שרייבט איינער פון די אָנטיילנעמער אינעם אטענטאט.—אין די גרויסע שינעלן זיצן און גייען ארום אָנגעטאָנענע און די, וואָס טוען זיך אָן, מע גרייט געווער און מע טרינקט קאָניאק" [1].

אזוי האנדלען קען טאקע נאָר א „קאזארמע" מיט דעם גאנצן ביי־געשמאק פון גראָבער מיליטערשטשינע, אָבער לאכלוטן ניט קיין רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע, ווו אין די מאָמענטן פון געפאר אָדער פון סאמע גרעסטער אָנגעשטרענגטקייט פון די קויכעס וועט קיינער, פארשטייט זיך, אפילע אין געדאנק ניט האָבן אויסצוטרינקען „אף צוגעבן מוט" בראָנפן אָדער קאָניאק. דאָ איז די שטימונג אינגאנצן אן אנדערע: „מאקס און קאפיטאניטש פילן זיך, פונקט ווי זיי וואָלטן געווען צו הונדערט טויזנט: טרינקען קאָניאק און קאָמאנדעווען. סיאָמא טרינקט מיט זיי, זיי זיינען אונדז מעכאבעד,—„אף צולעבן מוט". מיר זאָגן זיך אָפּ" [2].

צי איז ניט עמעס, אז דאָס אלץ איז ניט דאָס, וואָס מיר האָבן אויסגעצייכנט געוווסט אין די רעוואָלוציאָנער פראָלעטארישע אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן פונקט אין יענער צייט דאָ גופע אין לענינגראד ניט נאָר געקעמפט מיט די שיקערע פּאָגראָמען, פארניכטנדיק אומעטום מיי וויין, סיי בראָנפן, סיי קאָניאק, נאָר האָבן אויך פוריטאניש איינגעפירט דאָס פולשטענדיקע איינהאלטן זיך פון באנוצן אלקאָהאָל, און זיינען גרייט געווען פארמישפעטן צום שיסן יערערן, ווער עס וועט זיך נאָר צורירן צו דעמדאָזיקן סאם, וואָס אין זיין דורמאן האָבן אזוי געוואָלט דערטרינקען די אָקטיאבער־רעוואָלוציע די אלע אָנהענגער פון דער אלטער אָרדענונג.

[1] דאָרטן, זייט 18.

[2] דאָרטן.

העלדנטאטן פון עמעסער דרייסטקייט און עמעסער העלדישקייט האָבן באַוויזן אומבאוווסטע העלדן פון דער רעוואָלוציע, אָבער קיינער האָט קיינמאָל און אינערגעץ ניט געזען און ניט געהערט, אז טוער פון רעוואָלוציאָנער פּראָלעטאריאט זאָלן פאר דער געפערלעכסטער ארבעט זיך מעכאבעד זיין „אָף צוגעבן מוט“.

אָט דער גאנצער שטייגער, וואָס איז פרעמד רעוואָלוציאָנערן, זאָגט נאָך אמאָל איידעס, אז מיר האָבן דאָ בעעמעס צו טאָן מיט א „פּארטיזאנישער באנדע“, וואָס איז באשטאנען פון אן אנטבלויזטער מיליטערשטשינע, און ניט מיט וועלכע עס איז איבערצייגטע אידעישע רעוואָלוציאָנערן פון פראָנט. דאָס גיסן בוימל און די נאָטאציעס פונעם דיקן און צעפלאָסענעם עס־ער האָבן אבסאָליוט ניט געהאָלפן: די קאזארמע פון אלטן רעזשים איז געבליבן א קאזארמע די פּארטיזאנישע באנדע, וואָס האָט געזוכט „קאזיאָנע“ — זאָל זיין אפילע עט ערישע קעסט—איז טאקע געבליבן אזא און ניט קיין אנדערע.

„איך האָב זיך אוועקגעזעצט אין ווינקל, אינעם פּאָטעל באם שפּיגל און א גרייטער און אָנגעטאָנענער, מיט א געפיל פון א געוויינלעכער פוסטקייט, האָב איך אָנגעהייבן ווארטן אפן באפעל ארויסצוטרעטן“ [1],—דערציילט איינער פון די מער אריינגעטראכטע און פילבארע פון דערדאָזיקער וואונדערלעכער אָרגאניזאציע.

ענדלעך האָט זיך דערנעענטערט דער אנטשיידענער מאָמענט. עס איז אויסגעארבעט דער פּלאן פון די האנדלונגען. די ראָלן זיינען פאנאנדערגעטיילט. דער פּאָרהאנג פון די געשעענישן הייבט זיך אוף.

ציט אָנצוהייבן.

דערזעלבער אלטער עס־ער איז פערזענלעך ביי געווען אין דער דירע, ביים די גאנצע „פּארטיזאנישע באנדע“ האָט זיך איילין אָנגעטאָן און איז ארויס „אָף דער ארבעט“.

„איך האָב געזען,—פּארשרייבט דער אוטער פון מאנוסקריפּט, וואָס מיר ציטירן,—ווי דער אלטער עס־ער האָט זיך אינדערשטיל געזעגנט מיטן קאפּיטאן און איז ארויס, נאָך אים זיינען ארויס די איבעריקע“ [2].

דידאָזיקע טרויעריק־באוווסטע פּארטיי האָט אין דער ציט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַ'ין געטאָן „אינדערשטיל“, ווי אן עמעסער „גאנעוו באַדערנאכט“. באהאלטענערהייט האָבן זיי אָנגעריכט די ארמעיִשע יוגנט דעם 1־טן יאנוואר 1918 יאָר אף דעם הויפּט פון דער סאָוועטישער רעגירונג באהאלטענערהייט האָבן זיי געשטויסן קאפּלאן, וואָס האָט געשאָסן אין

---

[1] דאָרטן.
[2] דאָרטן, זייט 14.

װלאַדימיר איליטשן דעם 30־טן אױגוסט 1918; אינדערשטיל, װי אַ הינ־
דעלע האָבן זײ זיך אַרײַנגעגאַנװעט אין אַלערלײ װײַסגװאַרדעיִשע רעגירונגען
ביז מע האָט זײ פֿון דאָרט ניט אַרױסגעטריבן, און אױך אַזױ אינדערשטיל
זײַנען זײ שפּעטער, שױן אין אױסלאַנד, אַרױסגעװאָרפֿענע פֿון די גרענעצן
פֿון „באַליבטן פֿאָטערלאַנד" דורך דער מעכטיקער כװאַליע פֿון דער פּראָלע־
טאַרישער רעװאָליוציע, אַרײַנגעטראָטן אין אַ פֿאַרברעכערישער קרימינעלער
און שפּיאָנישער פֿאַרבינדונג מיט דער קאָנטר־ראַזװעדקע פֿון די אײראָפּעיִשע
פֿאַשיסטישע רעגירונגען, פֿאַרקױפֿנדיק זיך װי עמעסע פּאָליטישע פּראָסטיטוט־
קעס אױף רעכטס און אױף לינקס, ביז די נאָכפֿראַגע אױף זײ האָט זיך אינגאַנצן
אױסגעשעפּט און ביז מען האָט ענדלעך אױף די אַלע געשרײען װעגן דעם, אַז
ער, „דער פּאָרזיצער פֿון גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג", װיל עסן, אױפֿגעהערט װענדן
יעדער אױפֿמערקזאַמקײַט, גראָב אָפּזאָגנדיק אים און אַלעמען, װאָס האָבן מיט
אים צוזאַמען געבעטן די קלענסטע נדאָװעס און די רעשטלעך פֿון די טישן
פֿון די אַלװעלטלעכע פֿאַשיסטישע פּאָליטישע פּלענער־בױער און אַװאַנטיוריסטן.
דידאָזיקע „שטילינקע" פֿאַרעטער „פֿון זײער היימלאַנד" זעצן אױך ביז
איצט פֿאָר, פּונקט װי פֿריִער אױך אַזױ „שטיל און פּאַמעלעך" צו שלײַפֿן דעם
מעסער, װעלכן זײ זײַנען גרײט שטענדיק אַרײַנצולאָזן אין דער זײַט פֿון דער
פּראָלעטאַרישער רעגירונג. מיר דאַרפֿן עס שטענדיק געדענקען און שטענדיק
װיסן. באַ אונדז טאָר ניט זײַן די קלענסטע מיטלייד צו די פּאַרטײען, װאָס
זײערע מיטגלידער האָבן צװײ מאָל געמאַכט אַן אַטענטאַט אױף װלאַדימיר
איליטשס לעבן, װאָס האָבן אַן אומענדלעכע צאָל מאָל אײַנגעאָרדנט פֿאַר־
שװערונגען און זעצן פֿאָר ביז איצט, לױט זײערע מעגלעכקײַטן, אַלערלײ עקל־
דיקע זאַכן קעגן אונדזער אַלץ מער און װאַקסנדיקער יונגער רעפּובליק
װאָס הײבט זיך אױף צו אַ נײַעם פֿרײדיקן לעבן.

## XV

דער „קאַפּיטאַן" מיטן „טעכנאָלאָג" זײַנען אַװעקגעפֿאָרן די ערשטע"[1].
— „פֿאָרױס מאַרש!—שיסט אױס מאַקס.—קאַפּיטאַניטש, לאָמיר אױסטרינקען
צום לעצטן מאָל צו קײלישעק"[2].
און אַלע האָבן זיך אַ ריר געטאָן. װוּהין? נאָך װאָס? װאָס איז דאָס: אַן
אַרױסטריט פֿון די אָקאָפּעס? אַן אױסשפּירונג? ניין: דאָס איז אײנע פֿון די
דערשײַנונגען פֿון דעם אָקאָרשט אָנגעהײבענעם און דורך קײנעם ניט דער־

[1] דאָרטן, זײַט 19.
[2] דאָרטן, זײַט 20.

קלערטן זעלבסט־איינגעאָרדנטן בירגער־קריג. נאָכן אראָפּוואַרפן קערענ־סקיס רעגירונג, נאָכן איינשטעלן דעם אָפּערעטן־אופשטאַנד פון די יונקערס האָט זיך אין פעטראָגראַד נאָך קיינמאָל ניט געעפנט קיין פייער. איצט — אָט הייבט ער זיך אָן. די מיליטערשטשינע, א געבענטשטע פון די עס־ערן, האָט די ערשטע אופגעהייבן די האַנט קעגן דער רעגירונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, און עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע האַנט האָט געדאַרפט אָפּגעהאַקט ווערן...

„עך, נעכטעלע האַריגישע, — קיין בעסער געכטעלע ניט צו געפינען”, — שרייט טרוימעריש אויס איינער פון די אַקטיווע אָנטיילנעמער אינעם אַטענטאַט.

„יאָ, מאַקס, קיין בעסערס וועסטו ניט צוטראַכטן” — האָט באַשטעטיקט א צווייטער, וואָס האָט גענומען אף זיך דורכצופירן דעם אָנפאַל אפן פירער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

ווי איר ווילט זיך. נאָר דער דאָזיקער אויסרוף איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גרופּע פון די דאָזיקע פּערזאָנען, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער סאָוועטישער מאַכט, ניט האָבנדיק אַבסאָליוט גאָרנישט געמיינזאַמעס מיטן גרויסן אופשטייג פון פּעוואָראָל און אָקטיאַבער.

# XVI

אָט איז דער צירק. א גרויסע מאַכנע מענטשן. אַלץ רוישט און אַלץ וואַרט. די פאַרשווערער האָבן זיך צונויפגעקליבן אין אָפּגערעדטן אָרט, הינ־טערן צירק.

„דער קאַפּיטאַן דערקלערט ווי אַזוי צו האַנדלען”.

„מיר וועלן דערהאַרגענען, ווען ער וועט אַוועקפאָרן פון מיטינג. זיך סטאַרען פון רעוואָלווער, קעדיי ניט צו טויטן עמיצן פון פאָלק. אויב עס וועט ניט אַרויס אַזוי — א באָמבע. אַלע האָבן דאָ ניט וואָס צו טאָן. צוויי — די איבע־ריקע מיט מיר, — העלפן אָדער אַרויסראַטעווען. פאַר דער צייט ניט אַוועקגיין. א לעבעדיקער זיך ניט אונטערגעבן” [1].

לייענער, לאָמיר פעסט פאַרגעדענקען דעם דאָזיקן פּלאַן פון דער האַנדלונג: דאָס איז אונדז זייער נייטיק.

יעדער איז אַוועק אף זיין אָרט. זיך צוגערוקט נעענטער צום צירק.

„— אָט האָט עפּעס אַן אויטאָמאָביל זיך אויסגעקערעוועט און מיט צוויי פיידיקע פינגער באַוויזן אפן צירק.

---

[1]) דאָרטן, זייט 21.

— „ער פאָרט!
„דער אוילעם האָט זיך א ריר געטאָן, זיך צוגעדריקט און צונויפגעפרעסט.
„כאווײרים, שפּארט זיך ניט!
„דער אווטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט און מע האָט אָפּגערײניקט דעם אוילעם.
„טרעט אָפּ!
„א רויט־גווארדײער דריקט מיר די ברוסט, הינטן קוועטשט דער אוילעם.
„עפּעס דרײַ זײַנען ארויס פון אווטאָמאָביל און איבערן אָפּגערײניקטן דורכגאנג ארײַן אין צירק.
„איך האָב זיך א ריס געטאָן און דורכגעריסן די קײט. דער אוילעם האָט זיך א שפּאר געטאָן. מע האָט אים אָפּגעהאלטן באַם ארײַנגאנג.
„נאָר איך בין שוין אין צירק.
„א קלײנער און געזעצטער רויטגווארדײער, אין פּידזשאק מיט אן ארי־בערגעוואָרפענעם זעקל, מיט א ביקס, וואָס זעט אויס אויסער געוויינלעך גרויס, האָט זיך אָנגעכאפּט פאר מײַן פּעלצל.
„כאווער, מע טאָר ניט.
„נאָר איך האָב ארויסגעריסן פון זײַנע הענט דעם עק פּאָלע און א געשרײ געטאָן:
„— איך בין א קאָמיסאר!
מײַן אויסזען און מײַן טאָן האָבן גערעדט וועגן דעם, אז ער האָט שטארק א טאָעס געהאט, אָפּהאלטנדיק מיך, און אז שמועסן מיט אים איז מיר לאַכלוטן ניט אינטערעסאנט,—דער רויטגווארדײער האָט מיר געלאָזן גײן.
„לויפנדיק בין איך אוועק ווײַטער.
„א שוואך באלויכטענער זאל פון גרויסן אומבאקאנטן צירק. דעם קופּאָל זעט מען ניט. פון די שיטערע לאָמפּן איז אויבן—א שווארצער טהאָם.
„אין צירק איז פּוסט. אינמיטן שטײט א טריבונע באצירט אין רויטן. און פאר דער טריבונע—א פּאנאנדערגעוויקלטע רײ פון א קלײנעם רויטגווארדעישן טײל" [1].
די מאסע האָט זיך געשפּארט. דער צירק האָט זיך אָנגעפּולט, און אלע האָבן געשריען, באגריסנדיק דעם, ווער עס איז געקומען.
„און אף דער טריבונע, צווישן עפּעס אומבאקאנטע מענטשן, שטײט א מענטש.
„ער!
— „צי דען קאָן איך אים ניט טײקעף דערקענען? א פּעסטער. א שטאָטי־שער מאנטל. די הענט אין די קעשענעס. א היטל.

[1]) דאָרטן, זײַט 22.

„ער שטייט ווי א מענטש, וואָס מע שרײַט אים „הוראַ“, און וואָס ער קען ניט אין דעמדאָזיקן געשריי נעמען קיין אָנטייל.

„ער שטייט גרויסמוטיק און פּאָשעט.

„ער שמייכלט און וואַרט געדולדיק“ [1].

# XVII

און אָט איז געשען: דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טעראָריסט, וואָס האָט „גענומען אויף זיך“ דערהאַרגענען וולאַדימיר איליטש, האָט ענדלעך דערזען דעם, וועמען ער האָט אַזוי לײַדנשאַפטלעך געדורשט צו זען, קעדיי אַלץ צו פֿאַרשטיין.

„און דאָס זײַנען געווען מינוטן, ווען אַף צו פֿאַרבײַטן די געוויינלעכע געפֿילן,—פֿאַרשרײַבט דער, וועמ עס האָט גענומען אויף זיך דערהאַרגענען לענינען,—זײַנען געקומען עפּעס באַזונדערע“ [2].

און אַלץ אַרום איז געווען אויסערגעוויינלעך. די מענטשן אַרום האָבן זיך אָנגעצונדן, פּונקט ווי זייערע הערצער וואָלטן זיך פֿאַרייניקט דורך איין שטראָם. אַלץ האָט זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין שטורמישער און מעכטיקער באַגײַסטערונג פֿון געפֿילן, וואָס האָט זיך געגאָסן פֿון הערצער צו הערצער מיט אַן אומופֿהערלעכן ברויזנדיקן שטראָם.

„די מענטשן אין די רייען שרײַען און ווילן זיך ניט אָפּשטעלן און ציִען דעם „הוראַ“ ווי א טפֿילע, און די טפֿילע וואַקסט, און דער גײַסט פֿון דער גרעסטער באַגײַסטערונג הערשט איבער דעמדאָזיקן הײַפֿל און איבער דעם מענטשן אין דעם אומבאַקאַנטן האַלב באַלויכטענעם צירק. און איך הער, ווי איך שרײַ אויך. איך עפֿן ניט דעם מויל, ווי מע דאַרף, עס זאָלן זען די אַנדערע, אַז איך שרײַ, און איך טראַכט ניט קיין שום שלעכטס, נאָר מיט מײַן גאַנצן וועזן שרײַ איך, ווײַל עס שרײַט זיך, ווײַל איך קען ניט ניט שרייען, ווײַל איך האָב פֿאַרגעסן אַלץ, ווײַל עס רײַסט זיך פֿון מײַן וועזן עפּעס אַזוינס, וואָס מע קען ניט אײַנהאַלטן, עפּעס סטיכעיִשעס, וואָס פֿאַרטונקלט דעם סייכל און ציט די נעשאָמע, און עפּעס אַן אומבאַוווּסטע קראַפֿט כאַפּט אויף און טראָגט, און עס דאַכט זיך, אַז עס איז גאָרנישט ניטאָ, נאָר א געפֿיל פֿון א פֿאַרכאַפּנדיקער ראַכוועס פֿון ניטגעצוימטער ברייט און אומבאַגרענעצטער פֿרייד“ [3].

---

[1] דאָרטן, זײַט 23.

[2] דאָרטן.

[3] דאָרטן.

נאָך ער דאַרף אים זען נענטער, אַריינקוקן אין פּאָנעם, זיך באַגעגענען מיט זיינע אויגן, און דאָ דאַרף זיך אַלץ באַשליסן: ערשט דעמלט וועט ער דאָך זיך „אַלץ דערוויסן”: און ראַנגלענדיק זיך מיט אַלעמען, באַזיגנדיק די שטערונגען פון דעם אוילעם, גייט ער אַלץ נענטער און נענטער אַהין, צו דער טריבונע, און ענדלעך איז ער באַם ציל: באַלד וועט זיך אַלץ באַשליסן.

„איך זע גאָר נאָענט פאַר זיך א גוטן פּאָשעטן פּאָנעם, א פּאָנעם, וואָס שמייכלט צו מיר, און אויגן, וואָס ברענען מיט צאַרטקייט און ליבע...[1].

אָן סאָפעק האָט זיך דאַפקע דאָ, דאַפקע איצט אַלץ באַשלאָסן.

אָט איז אַלץ שטיל געוואָרן.

„און דאַן האָט דער מענטש אין מאַנטל אָנגעהייבן ריידן”.

— „איך געדענק ניט קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט דעמלט געזאָגט,—פאַרשרייבט זיך אין מאַנוסקריפּט,—און אין דערזעלביקער צייט ווייס איך, אַז יעדער וואָרט, וואָס איך האָב דעמלט געהערט, טראָג איך אין זיך”...[2]

## XVIII

און דאָרט אַפן גאַס פאַרנעמען די פון דער „פּאַרטיזאַנישער באַנדע”, וואָס זיינען ניט אַריין אין צירק, לויט דער קאָמאַנדע פון קאַפּיטאַן די ערטער פון די היטער און גרייטן זיך שטיל דורכצופירן דעם אָנגעמערקטן אַטענטאַט. אָט איז אויך ער, „וואָס האָט גענומען אַף זיך”, ער איז אויך דאָ, אַפן גאַס, הינטערן צירק. ער דאַרף דערהאַרגענען דעם, ווען ס'האָבן פאַרורטיילט אַף טויט זיינע כאַווייריִם. ווידער איז ער פול מיט אַנטשלאָסנקייט, דער געפיל פון „כּוויוו” פאַר די כאַווייריִם, דער רום פון אַן אָפּיצער, וואָס איז שטאָלץ מיט זיין אויפאַר ערהאַנט איבער די אַנדערע—האָט דאָך דאַווקע אים דער קאַפּיטאַן באַאויפטראָגט „נעמען אַף זיך” אים, לעבינען; האָט מען דאָך ניט קיין אַנדערן, נאָר דאַווקע אים באַאויפטראָגט דידאָזיקע זייער פאַראַנטוואָרטלעכע זאַך. צי וועט ער, וואָס האָט זיך ניט גערעכנט מיט קיינשום געפאַרן אַפן פראָנט, ניט אויספירן דאָס, וואָס ער האָט אַף זיך גענומען דאָ אין פּעטראָגראַד, און וואָס הייבט אים אַזוי שטאַרק אוף אין די אויגן פון די כאַווייריִם אין די אויגן פון אירינען און פון דעם גאַנצן קליינעם וועלטל, אין וועלכן ער האָט זיך אַזוי איינגעשלאָסן אַרומגעדרייט. און ער גייט, גייט ווי א העלד, זיין גייסטיקער צושטאַנד איז א געהייבענער, קימאַט א געהייליקטער.

„איך וועל ניט קאָנען,—שרייבט ער,—גענוי איבערגעבן דעם צושטאַנד, אין וועלכן איך האָב זיך דעמלט געפונען, ווייל דאָס איז געווען א צושטאַנד פון

[1] דאָרטן.
[2] דאָרטן, זייט 24.

עפּעס גאָר אומבאַקאַנטעס און אויסערגעוויינלעכעס. דאָס איז געווען אַ צו־שטאַנד פון עפּעס אַ גרויסער פרייד, פון עפּעס געפונענעם, און אַ צושטאַנד פון אַן אויסערגעוויינלעכער גייסטיקער אָנשטרענגונג, פון אַ גוואַלדיקער אי־נערלעכער קראַפט, וואָס איז פעיִק אויף אַלץ. און איך האָב געוווּסט און געזען— באַלד דערהאַרגע איך אים. געוווּסט, אַז באַלד דערהאַרגע איך אים, און ס'איז ניט געווען קיין שום שרעק און וואַקלעניש״ [1].

אַזוי האָט אויסערלעך געטראַכט דער, וועמען עס האָט געדאַרפט אויס־פּילן „דאָס גענומענע אויף זיך״. מע טאָר ניט ניט אויספּילן, און דאָרט, אי־נערלעך, אינדערטיף, גייט זיך אַ באַזונדערע אַרבעט און אומופהערלעך קוקט „דער שמייכלענדיקער פּאָנעם און אויגן, וואָס ברענען מיט צאַרטקייט און ליבע״...

דאָ ראַנגלען זיך צוויי: דאָס אַלטע און דאָס נייַע, און אין דידאָזיקע שרעקלעכע, רויִקע, שווידערלעכע מינוטן ווייס נאָך ניט דער, וועמען עס האָט „גענומען אויף זיך״, פילט נאָך ניט, אַז ער איז שוין אין געפאַנגשאַפט, אַז ניט אומזיסט האָט ער „ווי אַ טפילע״ „געזונגען״—און ער האָט ניט געקאָנט זיי־גען צוזאַמען מיט דעם רויטגווארדעיִשן טייל,—די באַגריסנדיקע היספּיילעס און דעם יובל.

ער שטעלט זיך נאָך קעגן, שלאָגט זיך, מאַכט די לעצטע אָנשטרענגונגען. פאַראָרדנט אַנדערע און זיך; און יענער צווייטער אַרבעט און אַרבעט, צע־שטערנדיק אין אים גופא אַלץ דאָס, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין אַזוי פעסט, גאַנץ אָבליגאַטאָריש און אומבאַדינגט באַפעלעריש...

„און איך רייד און מיין שטים איז פעסט.

„באַלד וועלן מיר אים ליקווידירן. פון אַ רעוואָלווער קאָן מען אויך ניט טרעפן, און וואַרפן אַ באָמבע באַם צירק־אַריינגאַנג איז אומבאַקוועם, מיר וועלן אומזיסט דערהאַרגענען אַסאַך מענטשן. מיר וועלן אים אָפּשטעלן און דער־האַרגענען אויפן בריק, וואָס איבער מויקע. דעמדאָזיקן בריק קאָן ער ניט אויס־מיידן. איך וועל דאָס אַליין טאָן. נאָר מע דאַרף פאַרהאַלטן דעם אווטאָמאָביל און מע דאַרף אים ניט פאַרשלאָפן. דערפאַר דאַרפן מיר פאַנאַנדערשטעלן פּאָסטנס אין פאַרשיידענע ערטער אויף די ראָגן פונעם וועג, קעדיי דער ער־שטער, וואָס וועט באַמערקן, ווי ער זעצט זיך אַריין, זאָל געבן אַ סיגנאַל דעם צווייטן, דער צווייטער דעם דריטן, קעדיי מיר זאָלן אויפן בריק ניט פאַר־שלאָפן און ניט האָבן קיין טעות. מאַקס, דער קאַפּיטאַן און סיאָמאַ זיינען מיט מיר, די איבעריקע וועלן מיר פאַנאַנדערשטעלן אַלס אויסשפּירער. אַזוי? מאַס־קים. אויך דער קאַפּיטאַן איז פולשטענדיק מאַסקים״ [2].

---

[1]) דאָרטן.

[2]) דאָרטן, זייט 24—25.

איר זעט סאַרא ענדערונג! אָט איז ער, דער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון צירק, וואָס האָט „גענומען אַף זיך" און וואָס איז „אינגאַנצן פעסט" אין זײַן באַשלוס,—ער איז שוין ניט קיין אונטערטעניקער באַם קאַפּיטאַן. ער איז שוין אַליין אַ קאָמאַנדיר און קאָמאַנדעוועט מיטן קאַפּיטאַן. אָט איז ער, דער, וואָס איז איבערגעפּולט מיט אַן „אינערלעכער קראַפט", וואָס איז „פעיִק אַף אַלץ",—ער ענדערט גלײַך דעם פּלאַן פון די האַנדלונגען, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז „באַם אַריבערפאָרן איבערן טײַך בײַט מען ניט די פערד אינמיטן טײַך". ער איז פּלוצלונג באַהערשט פון אַ געניאַלן געדאַנק, אַז מע קאָן דערהאַרגענען נאָר וואָס ווײַטער פון פאָלק, אין אַ פּינצטערן געטל, אָבער דאָ איז אַ שרעק, אַן איימע: מע קען אויך ניט טרעפן, און מענטשן דערהאַרגענען, און דערפאַר... לאָמיר צעשפּרייטן דעם גאַנצן אָטריאַד! די דרייסטע און אַנטשלאָסענע, און צווישן זיי אויך דעם קאַפּיטאַן, וועלכער ווייס, וואָס ער טוט, וועלן מיר אָפּציִען וואָס ווײַטער אַהין, צום בריק. מיר וועלן אים באַהאַלטן אין דער פינצטערניש און אויך סיאָמען, זײַן געהילף, אַהין,—און די איבעריקע זאָלן געבן סיגנאַלן אין דער רעווענדיקער מאַסע—פײַפן, ברומען—ווי זיי ווילן—„נאָר ניט פאַרשלאָפן". אַ געניאַלער פּלאַן! און ווי אַלץ איז פּאָשעט און איבערצײַגנדיק, אַז קיינער דערוויידערט ניט, נאָר אַלע זײַנען מאָמענטאַל איינשטימיק. און טייקעף, וואָס גיכער צו דער אַרבעט—יעדערער אַף זײַן ראָג:

„קאַפּיטאַניטש—באַם אווטאָמאָביל...

„דער מאַטראָס—אַפן ערשטן ראָג...

„דער טעכנאָלאָג—ווי נאָר דער אווטאָמאָביל וועט זיך אויסקירעווען פון ראָג.

„קאַפּיטאַן און סיאָמע—לעבן בריק.

„איך און מאַקס אַפן בריק" [1].

אָט זײַנען זיי אַלע, די טוער פון דעם ערשטן אַטענטאַט אַף וולאַדימיר איליטשן, וועלכע האָבן אים דורכגעפירט מיט דער פולער באַגיטיקונג פון דער עס-עריִשער פּאַרטיי.

צי ניט יענער אַנדערער, וואָס האָט זיך הערשעריש פאַרזעצט אין באַוווסטזײַן פון דעם, וואָס האָט „גענומען אַף זיך" די „זאַך", און פון דעם „ייִנגערן אָפּיצער", באַ וועמען „דער שמייכל איז געוואָרן אַן אַנדערער", אַרבעט עס דאָ אַזוי דערפּאָלגרײַך און הערשעוועט איבער די געהיימע באַוועגונגען פון די הערצער באַ דידאָזיקע קאַמף-מענטשן, צווינגענדיק אַלץ טאָן אַזוי, אַז די שאַנסן פונעם דערפאָלג פון דעמדאָזיקן אַטענטאַט, ניט געקוקט אַף דעם גאַנצן עפעקט פון אויסזען, וועגן דײַטלעך אַלץ קלענער, אַדאַנק די פאַראָרדענונגען פון דעם הויפּט-אָנטיילנעמער.

---

[1]) דאָרטן, זײַט 25.

דאָ, אין דעמדאָזיקן געטומל, אונטערן קרייץ־פײַער פון טויזנטער אויגן פון רויטגווארדייער און ארבעטער — אַן אומדערוואַרטע ענדערונג אין האנדלונג־פלאַן, עפּעס א נאַיִווע, קינדערשע איבערצײַגונג, אז דער, וואָס וועט זיך שטעלן היטן באַם אווטאָמאָביל, — פּונקט ווי בא א פּולווער־קעלער, — וועט אזוי ביטגעדירט שטיין און געבן סיגנאַלן, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אַלע וועלן אים שטויסן אין דער ענגשאַפט, ווי דאָס איז שטענדיק בא א טויזנטקעפּיקן אוילעם און ווי דאָס איז אויך אָקאָרשט געווען דאָ גופא. און אומעטום, דאָרטן, ווײַטער, פּונקט ווי אין א מידבער, ווי פּאָרויסזעענדיק א פּריִער, אז אַלע וועלן נאָך שטיין און ווארטן, ביז דידאָזיקע העלדישע פּראָנטאָוויקעס, וואָס זײַנען פאַרייניקט דורך א טקיאַס־קאַף, וועלן, ווי אַף א פּאראַד, סיגנאַליזירן ווער מיט א פּײַפערײַ, ווער מיט א לאַמטערן, ווער מיט א געשריי, און די אנדערע וועלן, פּונקט אזוי פּײַערלעך און איידל שיסן פון די רעוואָלווערן און ווארפן באָמבעס.

ניין, מיר טראַפטן, מיר זײַנען איבערצײַגט אין דעם, אז אַלץ, וואָס עס האָט געהערט און געזען דאָרטן אין צירק דער, וואָס האָט „גענומען אַף זיך" דערהארגענען וולאַדימיר איליטש — אז אַלץ דאָס האָט ניט געקענט ניט איבעראַשן אים און נאָכמער פּארטיפערן זײַנע ספּייקעס, וועלכע האָבן זיך ארויסגעוויזן אין אָט דעם אומדערווארטן נײַעם פּלאַן פון אטענטאַט, וועלכער איז אינגאַנצן אַן אנדערער, ווי דער, וואָס איז געווען באשטעטיקט און איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם באפעלערישן און מעסטן קאַפּיטאַן.

באַם הארט־שטיינערדיקן קאַפּיטאַן קאָנען ווײַן ווערן די סאָלדאַטן"[1] — האָט אביסל פריִער אויסגעשריִען דער העלד פון דערדאָזיקער דראַמע. און צי איז ער אַליין ניט „ווייך געוואָרן" „דאָ אין צירק, ווען ער האָט „געזונגען" צוזאמען מיטן פאָלק א „טפילע", ווען ער האָט ארײַנגעקוקט אין דידאָזיקע באַזויבערנדיקע, צוציִענדיקע אויגן פון וולאַדימיר איליטשן, די אויגן, וואָס האָבן געברענט מיט א „צארטקייט און ליבע"?

## XIX

די צײַט איז געגאַנגען, און די שרעקלעכע רעגע האָט זיך דערנעענטערט מיט אַן אומפארמײַדלעכקייט.

„נעפל, נאַכט, מינוטן — אייביקייטן.

„נאָר וואָס האָט זיך צעלייגט דאָרט פײַערדיקס איבערן פּלאַץ? דאָס איז יענער אווטאָמאָביל! זאָלן קיינע לאַמטערן־סיגנאַלן ניט זײַן — איך ווייס, דאָס איז יענער!

---

[1] דאָרטן, ז. 19.

„דער אווטאָמאָביל האָט פארקערעוועט צום בריק.
„אהער.
„עמיץ לויפט נאָך אים.
„דער אווטאָמאָביל איז באם בריק.
„אפן בריק.
„די לאמטערנעס האָבן זיך צעלייגט איבערן בריק. אָט איז מאקס, איך זע
אים אין ליכט פון די לאמטערנעס.
„ער פאָכט מיט די הענט.
„אָט שוין!
„דער אווטאָמאָביל גייט—מיט א באָמבע, נאָר מיט א באָמבע.
„איך ווארף זיך פאָרויס,—דער אווטאָמאָביל גייט לאנגזאם.
„איר דיר אים. קימאט אָן.
„ער איז אין אווטאָמאָביל.
„ער קוקט, אין דער פינצטערניש זע איך זיינע אויגן.
„א באָמבע!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

„נאָר פארוואָס גייט אוועק דער אווטאָמאָביל, און די באָמבע איז אין די הענט?

„מאקס, סיאָמא, דער קאפיטאן,—די נאכט א פינצטערע,—די באָמבע אין מיינע הענט!

„אָט זע איך און איך ווייס, אז די באָמבע איז אין מיינע הענט, און דער אווטאָמאָביל גייט אוועק, און אז מע דארף די באָמבע ווארפן. און איך פיל די גאנצע שרעק פון דעם, וואָס איך טו עס ניט און קאָן עס ניט טאָן. פונקט ווי עמיץ וואָלט געבונדן מיר די הענט און די פיס.

„פונקט ווי ס׳וואָלטן פלוצלונג די גאנצע ערד, דער גאנצער הימל, אלע מענטשן, אלע הייזער מיר מיט א שרעקלעכער קראפט געבונדן מיינע הענט מיט אייזן, אָנגעכאפט מיט טויזנטער קראבן־פינגער, און איך שטארק זיך אר־מענטשלעך און קאָן ניט צערייסן, און קאָן ניט פאנאנדערנעמען, ארויסגיין פון דער פארגליווערטקייט"... [1]).

און יענער צווייטער, וואָס זיינע אויגן האָבן געלויכטן „מיט צארטקייט און ליבע" האָט באזיגט אויך דאָ, אף דעמדאָזיקן שרעקלעכן און אומדערווארטן פראָנט.

---

[1]) דאָרטן, ז. 27.

די פראָלעטארישע רויטע הויפּט־שטאָט האָט מיט אַלע אומזעבארע קויכעס געשמידט די הענט דעם, וואָס האָט אזוי דרייסט, אזוי העלדיש „גענומען אויף זיך" דורכפירן דעם אומזיניקן און שרעקלעכן פארברעכן.

אַלץ איז געענדיקט!

און דאָ ערשט האָט פארשטאנען דער קאפּיטאן, אז ער האָט פארשפּילט די שלאכט, זיינע סאָלדאטן זיינען „ווייך געוואָרן". ער האָט זיך ניט געקאָנט אין דעם ניט איבערצייגן, און ער האָט געעפנט אן איינזאמע שיסעריי.

# XX

„פלוצלונג א שאָס.

„עס שיסט דער קאפּיטאן! דער קאפּיטאן גיט א סיגנאל! דער קאפּיטאן וועט ניט אָפּלאָזן.

„דער קאפּיטאן האָט געהאָלפן. דעם קאפּיטאנס שאָס האָט א שטויס געטאָן. דער שאָס האָט געטראָפן.

„און מיטאמאָל איז די נאכט, און דער נעפּל, און דער אוועקגייענדיקער אווטאָמאָביל דורכגעדרונגען מיט דער שרעק פון דעם, וואָס איך האָב געטאָן.

„און ווידער דעם קאפּיטאנס א שאָס, און איך הער, ווי די קויל האָט געטראָפן אין פאָדערטייל פון אווטאָמאָביל. דער קאפּיטאן שיסט.

„וואָס האָב איך אָנגעטאָן, איך האָב די באָמבע ניט געוואָרפן!

—„מאקס, טייערער, העלף ארויס!

„מאקסן איז ניט צו זען.

„איך כאפּ ארויס דעם נאגאן און שיסנדיק לויף איך נאָכן אווטאָמאָביל.

„וואָס איז דאָס? דער אווטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך גלויב ניט מיינע אויגן.

„אָניאָגן און ווארפן די באָמבע!

„איך לויף.

„אָבער ניין. דער אווטאָמאָביל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. דאָס האָט פּאָשעט דער געשיקטער שאָפער פארקערעוועט דעם אווטאָמאָביל אין געסל"... [1]).

אזוי האָט זיך פארענדיקט די דראמע, וואָס האָט שיר ניט געקאָסט דאָס לעבן וולאדימיר איליטשן.

---

[1]) דאָרטן, זייטן 27—28.

# XXI

די אויספאָרשונג האָט גיך אויפגעקלערט די באַדײַטונג פון דערדאָזיקער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז ניט געווען וויכטיק אַליין פאַר זיך, ווײַל זי האָט ניט געהאַט אונטער זיך קיין שום באָדן. אָבער אונדז איז אינגאַנצן קלאָר געווען, אַז די עלעמענטן פון בירגער־קריג וואַקסן אָן, אַז אויך אונדז איז נייטווענדיק אַפגיך זיך נאָך מער מאָביליזירן און פאַרפעסטיקן אונדזערע פּאָזיציעס און אויף די קלעפּ ענטפערן מיט הונדערט מאָל שטאַרקערע קלעפּ, קעדיי אָפּצושלאָגן דעם כיישעק פאַר ווײַטערדיקע אַרויסטרעטונגען קעגן דער סאָוועטן־מאַכט.

לויט דער לאָגיק פון די געשעענישן האָבן אַלע הויפּטשולדיקע אין אַטענטאַט געדאַרפט, פאַרשטענדלעך, טייקעף צעשאָסן ווערן, נאָר אין אַ רעוואָליוציאָנערער צײַט מאַכט דורך די ווירקלעכקײַט און די לאָגיק פון געשעענישן גרויסע, אינגאַנצן אומדערוואַרטע, זיגזאַגן, וועלכע זײַנען, דאַכט זיך, גאָרניט פאָרויסגעזען.

ווען די אויספאָרשונג איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָב איך פּלוצלונג באַקומען פון פּסקאָוו אַ דעפּעש, אַז די דײַטשן זײַנען אַריבער פון פּאָסיוון צושטאַנד און זיך גענומען באַוועגן אין אָנגריף. פּסקאָוו איז אײַנגענומען געוואָרן, און די דײַטשן האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערשפּרייטן ווײַטער אין דער ריכטונג אויף דער סטאַנציע דנאָ—פּעטראָגראַד. אַלע אײַיאָנים זײַנען אוועק אָן אַ זײַט. מע האָט זיך גענומען פאַר דער מאָביליזאַציע פון באַוואָפנטן פּראָלעטאַריאַט צו געבן אַ ווידערשטאַנד די דײַטשן [1].

ווי נאָר וו ל אַ ד י מ י ר  אַ י ל י ט ש האָט פּובליקירט זײַן וווּנדערלעכן אויפרוף „דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד איז געפאַר“, זײַנען פון די אַרעסטצימערן פון סמאָלני אָנגעקומען בריוו, פון די אָנטיילנעמער פון אַטענטאַט אויף וולאַדימיר איליטשן, אין וועלכע זיי האָבן געבעטן מען זאָל זיי אָפּשיקן אַפן פראָנט אויף די בראָנעוויקעס פאַר די אַוואַנגאַרד־שלאַכטן מיטן אָנגרײַפנדיקן קעגנער.

איך האָב מיטגעטיילט וועגן דידאָזיקע בריוו וולאַדימיר איליטשן, און ער האָט אײַן אויגנבליק, פאַרגעסנדיק שטענדיק אָן זיך, געלייגט אַ רעזאָליוציע: „דעם איניען איבערדײַטן. באַפרײַען. שיקן אַפן פראָנט“.

און אָט די, וואָס זײַנען נאָך נעכטן געזעסן אין דער סטאַדיע פון אויספאָרשונג אונטער אַ שטרענגן אַרעסט, וואַרטנדיק די אומפאַרמײַדלעכע דער־

---

[1]) גענויער וועגן דעם זע מײַן אַרטיקל „Гудки петроградского пролетариата“, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין מײַן בוך „אויף די קאַמף־פּאָסטנס פון דער פעווראַל־אָקטיאַבער־רעוואָליוציע“, פאַרלאַג „פעדעראַציע“, מאָסקווע.

שיסונג, זײַנען געוואָרן אונדזערע הייסע מיטארבעטער, וועלכע האָבן מיט אַלע קויכעס געיײַלט אויסשטאַטן די ערשטע פארבראָנירטע צוגן, קעדיי זיך צו ווארפן אין דער ערשטער שלאָג־גרופּע אין אטאקע אף די דײַטשן.

און זיי האָבן גוט אויסגעפילט דאָס, וואָס עס איז אף זיי ארופגעלייגט געוואָרן.

צוויי פון זיי ארבעטן נאָך ביז הײַנט אין רוסלאַנד אף סאָוועטישע שטע־לעס. איינער ליטעראטעוועט אכוץ דעם, און פון אים ווארטן מיר די ווײַטער־דיקע דערציילונג וועגן די אַלע געשעענישן. א דריטער איז אוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד און שיפעט דאָרט אָן ציין אפן ווײַסגוואַרדעיִשן אויפן, אנטבלויזנדיק זײַן גאנצן עקלהאפטיקן וועזן.

אזוי האָט זיך אומדערווארט פארענדיקט דער איניען וועגן ערשטן אטענ־טאט אפן לעבן פון דעם הויפּט פון דער יונגער סאָוועטישער רעגירונג—אפן לעבן פון ו ל א ד י מ י ר א י ל י ט ש ל ע נ י ן.

א גוואַלדיקע איידלקייט האָט דאָ ארויסגעוויזן ולאַדימיר איליטש, בײַם דער שטרענגער אורטייל פון דער קעמפערישער רעוואָליוציאָנערער צײַט האָט געדארפט אָפּמרעטן דעם אָרט דעם גיגאנטישן און גרויסמוטיקן ווילן פונעם פירער פון אופשטענדלערישן פראָלעטאריאט, וועלכער האָט ניט געוואָלט פאר זײַן איגענער טויט־געפאר פארגיסן בלוט פון אָפענע קלאַסן־סאָנים, און האָט זיי גופע געוואָרפן אפן פראָנט אף צו פארטיידיקן יענע „סאָציאַליסטישע פאָ־טערלאַנד", וועלכע איז איצט בליסאָפעק געוועזן אין געפאר.

וואָס קען זײַן מער דערהייבן ווי דידאָזיקע האנדלונג פון אן עמעסן רע־וואָליוציאָנערן קעמפער און טיף דורכגעדרונגענעם סאָציאַליסט, ווי דאָס איז שטענדיק געוועזן ו ל א ד י מ י ר א י ל י ט ש?

# בענוגעיע דעם מאַנוסקריפּט „אַטענטאַט".

מיט אייניקע זײַטלעך ווײַטער פּובליקירן מיר אינגאנצן א היסטאָרישן דאָקומענט—א מאנוסקריפּט פון דער דערציילונג פון איינעם פון די אטענטאט־אַנטיילנעמער אף וו. אי. לעניגען דעם 1־טן יאנוואר 1918 יאָר. אן אנאליז פון דעמדאָזיקן מאנוסקריפּט האָבן מיר געמאכט אין דעם ארטיקל „דער אטענטאט אף וו. אי. לענין דעם 1־טן יאנוואר 1918 יאָר", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דעמדאָזיקן ביכל.

אליין פאר זיך געהערט בליסאָפעק דער מאנוסקריפּט „אטענטאט", וואָס ווערט דאָ געדרוקט, צו דער קאטעגאָריע דאָקומענטן, וואָס ווען אף שטענדיק פארבלײַבן די אָפּנהערציקסטע איידעס פון זייער וויכטיקע געשעענישן אין די אומפארגעסלעכע פארגאנגענע טעג—די ערשטע טעג פון דער אָקטיאָבער־רעוואָליוציע. דאָס באטײַט נאָך ניט, פארשטייט זיך, אז אין דעמדאָזיקן דאָקומענט איז פולשטענדיק אויסשעפּנדיק אלץ געזאָגט וועגן דער געשעעניש, וואָס האָט שיר־שיר ניט צוגענומען פון אונדז וולאדימיר איליטשן, ווײַל בא דעמדאָזיקן ערשטן אטענטאט איז וולאדימיר איליטש בעעמעס געווען אף א האָר פון טויט. ס'איז אָן שום סאָפעק, אז אין דער צוקונפט וועלן מיר נאָך באקומען אייניקע צוגאָב־יעדיעס וועגן דערדאָזיקער געשעעניש. אָבער, ניט געקוקט אף דעם, שטעלט מיט זיך פאָר דער מאנוסקריפּט פון איינעם פון די אטענטאט־אַנטיילנעמער, וואָס ווערט דאָ צום ערשטן מאָל פּובליקירט און איז נאָך דערצו גוט אָנגעשריבן, א גרויסן היסטאָרישן ווערט, ווײַל ער עפנט צום ערשטן מאָל דעם פאָרהאנג איבער דערדאָזיקער געהיימניספולער, קימאט ניט אויסגעפאָרשטער געשעעניש. דער שווארצער שאָטן פון דער עסערישער פארטיי שווינדלט דאָ ניט נאָר דורך באזונדערס מיִעס און עקלהאפטיק הינטער די קוליסן פון דערדאָזיקער געשיכטע, נאָר זי ווערט אינגאנצן קלאָר און בוילעט אלס די געהיימע אָנפירערן פונעם גאנצן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן ארויסטריט.

מיט א גרויסן אינטערעס קלערט זיך דאָ אוף די פּסיכאָלאָגיע פון די העלדן פון

דעמדאָזיקן אַטענטאַט. אבער די דירעקטע מאכערס פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע, ווי ס'איז, ווי ס'ווײַזט אויס, געווען דער הויפּט פון דערדאָזיקער „פּאַרטיזאַנישער באַנדע"—עפּעס א קאַפּיטאַן, זײַנען די אנדערע טוער פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע געווען אָנגעזאָפּט מיט עלעמענטן פון סאוויקאָוושטשינע, מיט א באַזונדערן פּראָצענט־ראָמאַנטיזם און אוואַנטיוריזם, פאַרשטאַרקט אָן אומבאַשטימטע אומצופרידנקײַט און אומעט, וואָס איז אזוי נאָענט געווען דידאָזיקע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאָפּט אין די אָקאָפּעס מיט א באַזונדערער עטיק און פּסיכאָלאָגיע פון מיליטער־לײַט לויטן פאַך, וואָס זײַנען געווינט צו ריזיקירן מיט זיך, האַלטן פאַר גאָרניט יענעמס לעבן, פאַרטראַכטנדיק זיך זייער ווייניק וועגן רעוואָלוציאָנערער טעטיקײַט. דער באַוווּסטזײַן פון דידאָזיקע „רעטער פון פאָטערלאַנד" איז געווען אזוי פאַרנעפּלט, אז אפילע דאָרט, ווו ס'האָט ניט ארויסגעשפּאַרט די אָפענע קלאַסן־סינע און קלאַסן־האַס צו דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, האָבן זיי ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקײַט צו פאַרשטיין דאָס, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום זיי אין אָקטיאַבער און אין דעם פאָלגנדיקן נאָענטן פּעריאָד, צו פאַרשטיין די טיפסטע סאָציאַל־קלאַסאָווע ווענדונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין דערדאָזיקער עפּאָכע, וועלכע געדענקט זיך אזוי גוט. און זיי זײַנען בלינדערהייט, פאַרומערטע פול מיט האַס און פאַרצווייפלונג, ניט זעענדיק קיין שום זין אין דעם אייגענעם זײַן, געגאַנגען אף יעטווידער אוואַנטיורע, געפינענדיק אין איר א באַרויִקונג און כאָטש אף וועלכן עס איז צײַטווײַליקע לעבנס־אינהאַלט. קעדיי זיך צו שאַפן אָט די באַזונדערע שטימונג, בייס עס האָט זיך געפאָדערט זיך איבערצײַגן פונקט אינעם פאַרקערטן פון דעם, וואָס עס איז בעעמעס געווען, און גיין אין נאָמען פון עפּעס א „פאָלק" דערהאַרגענען דעם, וועמען קאָלאָסאַלע מאַסן פון אַרבעטער, פּויערים, סאָלדאַטן און פון יעדער אנדער אָרעמקײַט האָבן ווירקלעך געהאַלטן פאַר זייער עמעסן פירער. קעדיי צו קומען צו דעמדאָזיקן זייער מאָדנעם אויספיר, איז נייטיק געווען צו גלויבן אין דער גאַנצער מיִעסער רעכילעס, וואָס עס האָבן אזוי ענערגיש פאַנאַנדערגעלאָזן וועגן וולאַדימיר איליטשן, נאָך אין די יולי־טעג פון 1917 יאָר, די גאַנצע בורזשואַזיע, אַלע שוואַרצמייעניקעס, אַלע גאַלאָכים און פּריצים, זיך באַנוצנדיק מיט דער אומפאַרבײַטלעכער הילף פונעם מעשוגענעם וו. ל. בורצעוו און פון דעם מיִעסן אַלעקסינסקי, וועלכער איז אַליין אויפגעפרעסן געוואָרן פון זײַן ערגליבע און וועלכער איז לויט זײַנע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן געווען פון זייער א נידעריקער שטופע. די, וואָס האָבן געדאַרפט אויספילן דעם פּלאַן פון די עס־ערן, וועלכע האָבן שטענדיק געהאַנדלט מיט פרעמדע הענט, איז נייטיק געווען, קעדיי צו גיין טויטן וולאַדימיר איליטשן, זיך אַליין גוט אָנשרויפן, שאַפן פאַר זיך א געשטאַלט פון אזא מענטשן, וואָס זײַן פאַרניכטונג וועט פון אַלעמען באַגיטיקט און באַגריסט ווערן. און אזוי ווי

מע האָט ניט געקענט ניט זען, וואָס פאר א גרויסן איינפלוס עס האָט געהאַט וולאַ־דימיר איליטש אף די ארבעטער, רויטגווארדייער און סאָלדאטן אומעטום, איז אויסגעקומען צו פארמאכן די אויגן, פארשטאָפּן די אויערן, זיך קאָכן אינעם אייגענעם זאפט, אינעם אייגענעם נאכטלעגער, אָדער אין „באָדפירהויז״,—אין דערדאָזיקער אייגנאַרטיקער קאָנספּיראטיווער דירע,—און אויסקלערן, אויס־קלערן און אויסקלערן די שווידערלעכע געשטאלט, וואָס דער אוטער פון דעם־דאָזיקן מאנוסקריפּט שאפט אין זיין צעהיצטער פאנטאזיע, אויסקילנדיק די הארץ אין די פארשיידנארטיקע זידלדיקע און באליידיקנדיקע קעגנשטעלונגען, וועלכע ער האָט געוואָרפן מיט אזא ברייטער האנט אין זיין כאראקטעריסטיק, איידער ער האָט געזען וולאדימיר איליטשן. [1]) עס איז אינגאנצן קלאָר, א ער האָט אויך אנדערש ניט געקאָנט האנדלען. דערדאָזיקער גאנצער געקעכץ איז אים נייטיק געווען, קעדיי זיך אליין צו בארויקן, קעדיי צו געפינען מאָ־טיוון, וואָס זאָלן בארעכטיקן זיינע האנדלונגען, וועלכע ער האָט זיך אָנגע־שטרענגט דורכצופירן. פּובליקירנדיק אינגאנצן דעמדאָזיקן עקלהאפטן אָרט, פארשטייען מיר אף פאָרויס, אז מיר קענען קיינעם פון אונדזערע לייענער דערמיט ניט באליידיקן און אָנרירן, ווייל מיר ווייסן אויסגעצייכנט, וואָס פאר א באציונג עס עקזיסטירט בעעמעס בא הונדערטער מיליאָנען ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט צו וולאדימיר איליטשן. נאָר קעדיי צו פארשטיין די איבערלעבונגען און די פּסיכאָלאָגישע צוגרייטונג בא די העלדן פון דעמדאָ־זיקן אָנפאל, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אף וולאדימיר איליטשן באדער־נאכט פון הינטער א ראָג, איז נייטיק דאָס אלץ צו פּובליקירן אינגאנצן, ווייל דאפקע דידאָזיקע מיעסקייט איז טאקע זייער געשאָמע, זייער באוועגנדיקע פּסיכאָלאָגישע קראפט, וואָס הינטער אירע פּלייצעס איז געשטאנען די פעסטע פירנדיקע האנט פון די קלאסן־סאָנים: פון איין זייט—פון די עסערן, פון דער אנדערער—פון די שווארצמייעניקעס.

און מיר זעען, אז, ניט געקוקט אף גאָרניט, האָט די גאנצע אָרגאניזירונג געפלאצט ווי א זייפנבלאָז, בא דעם ערשטן צוזאמענשטויס פון אירע יונגע ניטשטאנדהאפטיקע טוער, וואָס האָבן זיך נאָך קלאסנדיק אליין ניט באַ־שטימט,— בא דעם צוזאמענשטויס פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דערווירקלעכקייט גופא, מיט וולאדימיר איליטשן אליין.

דער דאָקומענט, וואָס ווערט דאָ פּובליקירט, איז אויך וויכטיק נאָך מיט דעם, וואָס ער מאָלט אונדז דאָ בוילעט דעם שטייגער און די אומשטאנדן פון יענער צייט, ווען דער פראָנט איז זיך פאנאנדערגעפאלן, ווען עס איז פאָר־

---

[1]) זע דאָרטן, זייט 60.

געקומען די דעמאָביליזאַציע לויט ראַטעס און לויט עסקאַדראָנען, און ווען דאָס לאַנד האָט נאָך ניט באַוויזן אַרײַנצוזויגן אין זיך דעם גאַנצן אויפגעשוימטן יאַם פון דער אומענדלעכער צאָל סאָלדאַטן פון די געכטיקע קאָרפּוסן און אַר־מייען.

מיר האָפן, אַז אָט דערזעלבער אויטער וועט אין דער נאָענטסטער צוקונפט נאָך געבן אונדז אַסאַך נײַע מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען שײַעך צו דערדאָזיקער רומפולער עפּאָכע. מיר דאַרפן גרינטלעך קלײַבן אַלע דאָקומענטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

# דער אטענטאט. [1]

(1־טער יאנוואר 1918 יאָר).

I

כמורנע, נעפּלדיק, פרעסטלדיק האָט אָנגעהייבן דער ניי־יאָר זײַן ערשטן טאָג.

אינדערפרי איז אַלץ געווען ווי פריִער. גאָרניט האָט צוגעזאָגט אַף אַ ין אָוונט אויסערגעוויינלעכע געשעענישן.

אופגעכאפּט זיך, געפין איך מײַן בוך אַף דער ערד און די ליכט אויסגע־ ברענט ביזן גרונט.

עס ווילט זיך מיר ניט באַוועגן. איך פאַרוויקל זיך באַקוועמער אין דער קאָלדרע און קוק ארום די באקאנטע ווענט פון מײַן צימער. הײַנט פרי איז ניי־יאָר—איך דערמאָן זיך די נעכטיקע באַגעגעניש און אירינעס געדיכטן.

דער פרימאָרגן פון ניי־יאָר! צי איז דאָס ניט איינער פון יענע טעג, מיט וועלכע עס איז, ווי מיט ווענדפּונקטן, אָפּגעצייכנט דאָס לעבן? עס זײַנען פאַראַן אַזוינע גרויסע טעג אין יאָר, טעג—ווענדפּונקטן...

קליינע טעג פאַרגעסן זיך, ווי באַזונדערע טריט—זיי זײַנען טויזנטער— אָבער טעג, וואָס זײַנען ווענדפּונקטן, אַזוינע ווי ניי־יאָר, פאַרבלײַבן פעסט אין זיקאָרן. טאַקע אַדאַנק זיי ווייסטו נאָר, וואָס עס איז געווען אַף די שליאַכן פון דורכגעלעבטן לעבן.

---

[1]) פובליקירנדיק דאָ אינגאַנצן פון אָריגינאַל די דערציילונג פון איינעם פון די אטענטאַט־ אָנטיילנעמער אַף וולאַדימיר איליטשן דעם 1־טן יאַנוואַר 1918 יאָר, לאָזן מיר דורך נאָר זײַן פאַ־ מיליע, וואָס איז דײַטלעך אונטערגעשריבן אונטער זײַן דערציילונג. וולאַדימיר איליטש האָט אים מוחל געווען, די סאָוועטן־מאַכט האָט אים דערלויבט לעבן און ארבעטן אין אונדזער פאַרבאַנד, און ער אַרבעט ענערגיש אין געביט פון קאָאָפּעראַציע, פון קאָלווירט און קאָמונע־בויונג, און מיר ווילן ניט באַאומרויִקן אים מיט פובליקירן דאָ זײַן נאָמען: פאַר דער געשיכטע פון אונדזער רעוואָלוציע איז זײַן נאָמען פאַרעגיסטרירט אין דער פולער בייטיקער מאָס (באַמערקונג פון ד. ב.־ב.).

מיט מאָדנע וועגן האָט זיך געדרייט דאָס לעבן. מיט געפּערלעכע, אָפּגעריסטענע און אויסגעדרייטע. וווהין פירט מײַן וועג אַצינד, צי וועט ניט א נעפּל פארהילן דעם וועג? צי לויכט א שפּור פאָרויס?

ווענדפּונקטן—טעג הייבן אויף דאָס ווײַטע און נאָענטע.

הײַנט איז אומעטום יאָנטעוו.

און אינדערהיים איז יאָנטעוו. די שניי־הרודעס זײַנען אוואדע אין איין הייך מיט די הײַזער. מע קלינגט אוואדע, און די מוטער אײַלט זיך לאנגזאם אפן וועג צו דער קירך און טראכט, פארשטענדלעך, וועגן מיר.

אין פרימאָרגן פון באקאַנטן יאָנטעוו איז אף דער נעשאָמע קינדעריש־ליכטיק און קינדעריש פרייילעך.

אָבער אָט איז נעכטיקער אָוונט, אָט זײַנען די שווארצע בלעטלעך, וואָס זײַנען איבערגעלאָזן געוואָרן אף מײַן טיש. מײַן טיש איז אונטער ביכער. ביכער באקאָנטע און נאָענטע—איך קוק אף זיי מיט פארליבטע אויגן.

קאָן זײַן—ס'וועלן אלע שטורעמס אָפּגיין אָן א זײַט. דאָס לעבן וועט פארבלײַבן אין דעמדאָזיקן צימער, וואָס איז אזוי באליבט, און דאָן וועלן זײַן אסאך, אסאך לאנגע אָוונטן איבער ביכער, אסאך ביכער אזוינע, וואָס באוואונדערן מיט זייער אומבאקאנטקײַט, וועלן דורכגיין דורך מײַן ארבעט־טיש, און וועלן זײַן באקאנט און נאָענט, עס וועלן די ביכער עפענען א צויבערלעכע און אומבאוווסטע וועלט—איך וועל אסאך און אקשאָנעסדיק זיך לערנען, איך וועל באגרײַפן דאָס אומפארשטענדלעכע, זיך דערוויסן דאָס אומבאוווסטע. ס'וועט ווערן גרינג און פריידיק אלץ דאָס, וואָס פּײַניקט און מאטערט איצט. דאָס לעבן וועט זײַן א שיינס און פריילעכס און די ארבעט אן ערלעכע און באליבטע דאָס געליבטע מיידל וועט ווערן א פרוי. אין דעם נײַעם יאָר וועט זײַן נײַער גליק.

איך הער, ווי אין דעם שכיינעסדיקן צימער,— אין עסצימער קלאפּט קסעניא אלעקסאנדראָוונא מיט די געפעס, וואָס זי שטעלט פאנאנדער. איבערן קאָרידאָר, לעבן דער טיר הער איך לײַכטע טריט—די טריט פון קאפּיטאַן.

— איך וועל קומען אין א האלבע שאָ ארום,—זאָגט דער קאפּיטאַן, זיך ניט אָפּשטעלנדיק אין עס־צימער. און קסעניא אלעקסאנדראָוונא בראָזגעט, ווי פריער.

דעם קאפּיטאנס טריט און זײַן שטים רײַסן אָפּ די פריידיקע פעדעם פון די נײַ־יאָריקע טרוימען. אזוי קערט זיך אלץ איבער מיט דער גאנצער האַרטער רעאלקײַט נאָך א גוטן כאָלעם.

ניטאָ קיין פריידן פאָרויס! אן אָפּגרונט איז פאָרויס און אן אומבאוווסטקײַט.

אפן ארבעט־טיש, הינטער די באליבטע ביכער, ליגן נאגאנעס און א פּאר־טיקע באָמבע. הינטערן צימער, וואָס איז אָנגעפילט מיטן רייך פון באגײַסטער־

טעאטריי מען—אין געסל, רעכטס הינטערן ראָג, איז אונדזער געהיימע דירע ווו עס זײַנען דער זאָרגלאָזער מאַקס, דער זויפער קאַפּיטאַניטש, דער מאַט־ראָס, דער יונקער סיאָמע און אַנדרעע. דער קאַפּיטאַן איז מיסטאָמע אוועק אַהין.

דאָרטן לעבן יעגערס—יעגערס כאַפּן א כײַע, זיי זײַנען דרייסט, אַנטשלאָסן און אַקשאָנעסדיק, זיי באַווײַזן זיך באַלד דאָ, באַלד דאָרטן, זיי דרינגען דורך אומעטום, זיי זײַנען פּעיִק אַף די סאַמע אומדערוואַרטסטע פאַרוואַנדלונגען.

אָבער די כײַע גיט זיך ניט אונטער. געפאַלן אַפן שפּור, האָט זיך דער שפּור אָפּגעריסן. האָט מען געלוגערט אין א באַהעלטעניש, איז די כײַע ניט אַרויס. אָבער מיט יעדן טאָג ווערן אַלץ מער און מער קלאָר די כײַעשע סטעזשקעס. באַלד וועט מען אַף געוויס אויסשפּירן די כײַע, און דעמאָלט וועט מען קומען צו מיר און מע וועט זאָגן, און איך וועל זי דערהאַרגענען.

איך בין אויך א יעגער. איך דאַרף זי דערהאַרגענען און וועל זי דער־האַרגענען—דאָס איז דאָס, צוליב וואָס איך בין געקומען אַהער.

אָבער איך האָב געטראָגן מײַן יעגערישע זאַך ווי א גרויסע לײַכטקײַט, און אַרויסגעוויזן האָט זי זיך פאַר א שווערקייט. די כײַע האָט זיך אַרויסגע־וויזן אין א מענטשלעכער געשטאַלט. צי האָב איך אָקאָרשט ניט דערפילט אין דער כײַעשער מאַכנע און אין דעם אָפּגעריסענעם און ווילדן וועלפישן וואָיען—מײַן אומעט.

ווו איז די פרייד פון העלדן־טאַט? מיט א געהיימען גיפט פון סאָפעק איז אָפּגעסאַמט מײַן סייכל, די פײַנלעכע מאַגייפע פון די פעטראָגראַדער טעג. ווער האָט צעריסן די נעשאָמע, מיט וועלכע קייכעס, פאַר וועלכן פרײַז קאָן מען אומקערן די פאַרלאָרענע פעסטקײַט.

אַפן טיש אונטער איירינעס לידער ליגט א בריוו צו ספּירידאָנאָוון. אין בריוו איז יענער זעלבער גיפט, וואָס איז באַהאַלטן אין דער פעסטקייט פון די צו־געטראַכטע ווערטער. אײַל זיך, פאַרשפּעטיקטער יעגער! די גאַנצקײַט פון דײַן פויערישער נאַטור וועט אויסהאַלטן די קראַפט פון פאַרפירערישקײַט. דו האָסט דאָך אַמאָל דערהאַרגעט א זשאַנדאַרם, וואָס איז געקומען דיר אײַנשטילן, צוליב וואָס דו האָסט אויך אַרומשפּאַצירט אַף קאַטאָרגע,—דו וועסט מיר אויך מיט־העלפן זיך אָפּפאַרטיקן מיט דעם.

מיט דיר, אַן ערלעכן און פּאָשעטן, וועט מיר זײַן גרינגער, ווי גרינג ס'איז געווען אונטער די לידער פון די פײַפנדיקע קוילן זיך בלאָנקען איבער פעלד און פאַרגליווערט ווערן אין פײַער פון ראַקעטן.

עס קאַעסט זיך קסעניא אַלעקסאַנדראָווגא, וואָס איך קום אַזוי לאַנג ניט צום טיש.

# II

פון אינדערפרי האָט זיך לאנגזאם געצויגן דער נײַ־יאָר־טאָג. ס׳איז עפּעס געווען, ניט ווי געוויינלעך, פּוסט אין אונדזער הויז.

ס׳האָט זיך צוריקגעקערט דער קאפּיטאן. ער האָט דערציילט, אז אין „באָד־פּירהויז“—אזוי האָט מען גערופן אונדזער קאָנספּיראטיווע דירע—האָט מען זייער שטורמיש פארבראכט די נאכט, אז דער וועטער איז א גינסטיקער. אז קיין נײַס איז ניטאָ, דער טעכנאָלאָג זאָגט אלץ צו, אָבער ער, דער קאפּיטאן, גלויבט ניט, אז פון דעם טעכנאָלאָג וועט עפּעס וואָס ארויסקומען. ער וועט אָפּווארטן ניט מער ווי דעם הײַנטיקן אָוונט, און אויב דער אָוונט וועט, ווי דער פאָריקער, ניט געבן קיין אנטשיידענע רעזולטאטן, באשטייט ער, דער קאפּיטאן, אויף דעם, מע זאָל זיך צוריקקערן צו די פארלאָזענע מיטלען פון נאָכשפּירן. האנדלען דורכן סמאָלני—אָ, דאָס קען זײַן זייער א פארשלעפּטער איניען. אין סמאָלני איז שווער צו ארבעטן. ארום סמאָלני זײַנען זייער באגרענעצטע מעגלעכקײַטן. באָנטש ברויעוויטשעס דירע איז אסאך באקוועמער. [1])

— מיר יאָגן זיך מיט צוויי וועגן, אזוי וועלן מיר דעם האָז קיינמאָל ניט געפינען.

לויט זײַן, דעם קאפּיטאנס, מיינונג דרייט דער טעכנאָלאָג א קאָפּ—ביכלאל האָט ער צו אים ניט קיין צוטרוי.

ווען מיר האָבן אָפּגערעדט, זײַנען מיר זיך פאנאנדערגעגאנגען אין אונדזערע צימערן.

דערדאָזיקער טאָג איז בעעמעס לענגער ווי די פריִערדיקע.

קעדיי זיך אליין צו פארנעמען, האָב איך זיך געזעצט פאר א ניטפארענדיקטן בריוו, נאָר דעם בריוו האָב איך ניט פארענדיקט, גענומען זיך צו די ביכער, אייניקע פון זיי געעפנט איינעם נאָך דעם אנדערן, נאָר קיין איינער ובזיי האָט ניט צוגעצויגן מײַן אויפמערקזאמקײַט.

געלאָזן די ביכער.

פארוואָס האָט זיך אזוי מאָדנע און אזוי אָן א סיבע צערודערט די נעשאָמע?

איךווארף מײַן ארבעט־טיש, איך גיי דורך די צימערן פון דער גרויסער פּעטערבורגער דירע. די מינוטן ציִען זיך, ווי לאנגזאמע קייטן־רעדער פון א טאנק.

---

[1]) נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע האָט וולאדימיר איליטש געלעבט בא מיר אין דירע אויף כערסאָנער גאס, נומ. 5/7, דירע 9, אין אָנדערהאלבן וואָכן; ארום איז ער איבערגעפאָרן אין סמאָלני־אינסטיטוט, ווו איך האָב אים אײַנגעאָרדנט צוויי צימערן, וואָס האָבן זיך געפונען ניט ווײַט פון זײַן צימער אין סאָוונארקאָם, וווהין ס׳איז באקוועם געווען צו גיין דורך א באזונדערן גאנג מיט ספּעציעלע אײַנגעשטעלטע פּראָפּוסקן, וואָס זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן זייער א באגרענעצטער צאָל כאווײרים (באמערקונג פון וו. ב.־ב.).

עס דאַכט זיך מיר, אַז מע דאַרף ערגעץ גיין און עפּעס טאָן. נאָר וווּהין גיין און וואָס טאָן — דאָס קאָן איך ניט צוטראַכטן.

קסעניאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זיצט מיט עפּעס אַ ניי־אַרבעט באַם גרויסן מיד־טיק־טיש, וואָס איז שוין אָפּגעריייניקט פון די קיילים. זי דערציילט מיר איי־ניקע געניַיִקייטן פון דער הײַנטיקער ניי־יאָריקער נאַכט אין „באָדפּירהויז", וואָס עס האָט איר דערציילט דער קאַפּיטאַן. קאַפּיטאָניטש האָט זיך ווידער אויסגעצייכנט.

— פון דעם אַלעס איז בא מיר אַן אײַנדרוק פון עפּעס אַ גרויסן עקל — זאָגט זי צו מיר.

דערנאָך גיט זי מיר איבער, אַז קאַפּיטאָניטש וועט הײַנט באַקומען נאָך אַ קעסטל פלייש־קאָנסערוון.

— פאַר דער כאַוורײַע, — זאָגט זי, — מיט יעדן טאָג ווערט אַלץ שווערער און שווערער. יענעם ברויט, וועלכן איך האָב הײַנט געגעבן צו טיי, האָב איך מיט דער מוטער צוגעגרייט אַף אַזאַ אויפן: דאָס זײַנען געווען סוכאַרעס פון עפּעס זייער פאַרדעכטיקע ברויט־שטיקלעך. איך האָב עס מיט דער מאַמען צעשטויסן אין אַ סטופּע, דורכגעזיפּט, צונויפגעמישט מיט אַ קליינעם צוגאָב פון גוטע מעל און אויסגעבאַקן ברויט.

— נו, וואָס, אַ גוטער ברויט.

גלײַך נאָך דעם האָט זי מיר דערלאַנגט אין די הענט דעם עק פון עפּעס אַ לאַנגן לײַוונט, וועלכן איך האָב געדאַרפט פעסט האַלטן, ביז זי האָט פון אים אָפּגעשניטן די שמאָלע בונטע זוים. איך האָב זיך דאָ גופא דערוווּסט, אַז איך נעם אָנטייל אין אַ ניי־אָפּעראַציע, וואָס איז ענלעך צו דעם וווּנדערלעכן באַקן ברויט פון די אַלטע ברויט־שטיקלעך מיט דער צומישונג פון אַביסל עמעסן מעל. דאָ איז אין דער ראָל פון די אַלטגעבאַקענע סוכאַרעס — אַ קרויז פון עפּעס אַן אַלטן קליידל, וואָס מע דאַרף איבערמאַכן לויט דער צייכענונג פון אַ פּרישן זשורנאַל.

ווען איך בין שוין מער מיט מײַן הילף ניט נייטיק, לאָזט איך איבער קסעניאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ און זעץ פאָר מײַן מאַרש איבער די צימערן...

III

איך טו אָן דאָס פּעלצל, איך גיי אַוועק.

אין „באָדפּירהויז" איז אַ בילד, וואָס איז ענלעך צו דעם, וואָס מע קען זען אין אַ שלאַכט־פעלד נאָך אַ גרויסער שלאַכט. די באַלעבאָסטע איז נאָך אין צימער ניט אַרײַן, קעדיי, לויט אירע געוויינלעכע היסכײַוועסן, וואָס זי האָט אַף זיך גענומען, אויסרייניקן די צימערן און ברענגען אַלץ אין אָרדענונג.

דערפאר זע איך פאר זיך, ווען איך גיי אריין אין ערשטן גרויסן צימער, א ניטאָרומגעקליבענעם טיש מיט רעשטלעך פון נײַ־יאָריקן אָונטבריט. דער צימער שטעלט מיט זיך פאָר א גרויסע אומאָרדענונג.

אין מיטן צימער זיצט אנטקעגן שפּיגל אפן ווינער שטול מאקס. מיט אן ערנסטן און פאראנטוואָרטלעכן אויסזען שפּילט ער אויס אף דער גיטארע לידלעך, אונטערזינגענדיק מיט זײַן טענאָרכל. די אגיטארע האלט ער אין די הענט, ווי א ביקס אין איבערגעוויכט — זייער פעסט, זיצט גלייך, פונקט ווי אין א מיליטערישער ריי, קלײַבט לאנגזאם פאנאנדער די סטרונעס און זינגט סטארעגדיק זיך.

גוט איז צו שלאָפן, נאָר כ׳קען ניט,
שווער זיך פארכליבען אין שלאָף.

ער זינגט זיך סטארענדיק. דאָסדאָזיקע לידל האָט ער ליב. איך האָב עס ניט איין מאָל געהערט. איך ווייס פונוואנען עס קומט. איך ווייס אויך וועגן וואָס ער טראכט, מאקס, האלטנדיק די גיטארע. פאר מײַנע אויגן שטייט אלץ דאָס, וואָס עס האָט מיר אייערנעכטן דערציילט דער שיקערער מאקס. דאָס בלוט שלאָגט אין די שלייפן, און די הענט ווערן גרינג און שווער. נאָר מאקס איז אומבאשרײַבלעך אין זײַן אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט.

ער רײַסט איבער דאָס ליד און שרײַט:

— ס׳אי געזונט!

ער איז אינקאָעס אף דעם, וואָס איך בין נעכטן ניט געקומען: עס איז געווען אזוי פריילעך, עס זײַנען געקומען אין געסט עפּעס צוויי שוועסטער יונקער האָט זיי פון ערגעץ אהער געשלעפּט.

מאקס איז פריש און פריילעך. זײַן קינדערשע „פּאָלקע” איז גוט פארקעמט אף א זײַט. דער גאָלדענער געאָרגי — אפן קלאפּן פון זײַן גימנאסטאָרקע־קעשענע, צוויי רויטע בענדלעך פון פארוואונדעטע ווערן זײַנען אויסגענייט אפן ארבל.

אלע איבעריקע אײַנוווינער פון דער דירע געפין איך ליגנדיקע. קאפּיטאָניטש שלאָפט אין זײַן צימער רעכטס, ניט קלערנדיק אפילע זיך אופצוהייבן. דער מאטראָס און סיאָמע ליגן אף די בעטלעך שוין אָנגעטאָנענע און ארומגעוואשענע. זיי זײַנען ענלעך צו מענטשן, וועלכע רוען אָפּ נאָך שווערע ארבעטן, קלערנדיק וועגן דעם, וואָס ווײַטער טאָן. אפן טערקישן דיוואן, וואָס שטייט אין גרויסן מיטלסטן צימער, האָט זיך אויסגעצויגן יונקער, פארלייגנדיק די הענט אונטערן קאָפּ. זײַנע פארשנירעוועטע ליפּן און דער קאָנצענטרירטער אויסזען ריידן וועגן דעם, אז דערדאָזיקער מענטש באקלערט עפּעס זייער ענערגיש.

יונקער זאָל פאָרן הײַנט אין פינלאנד אַף דער סטאנציע**, עמיץ האָט געזאָגט, אז לעניִן קומט דאָרטן און אז ער קלײַבט זיך די טעג אהין אַף אָפּרו[1].

סיאָמע ווײַזט מיר זײַן נײַעם פראנצויזישן נאגאן, וועלכן ער האָט נעכטן אָפּגעביטן אַף זײַן אלטן סאָלדאטישן, צוגעבנדיק זײַן אלטן שינעל. דער נאגאן איז בעעמעס א גוטער.

מיר שמועסן וועגן פארשיידענע זאכן און קעגנשטאנדן. ווי שטענדיק ריידן אלע זייער ווייניק וועגן דעם, וואָס עס איז די הויפּטזאך, וואָס עס איז אין אלץ און אין וואָס אלץ איז; וועגן דעם, וואָס האָט אלעמען אהער צונויפגעקליבן און צונויפגעבונדן. ניט ווילנדיק און נאָר אלפּינייט האָט מען וועגן דעם גערעדט. נאָר איך רעכן, אז יעדערער האָט שטענדיק וועגן דעם געטראכט.

דאָס איז בא יעדן געווען שטענדיק אין זיקאָרן. אין פארנעפּלטן, ניט קלאָר באנעמענדיקן זיקאָרן, וואָס האָט זיך אָבער שטענדיק באוועגט, איבערלאָזנדיק א שפּור. וואָס ער זאָל ניט טאָן, וואָס ער זאָל ניט ריידן, וועגן וואָס ער זאָל ניט דערציילן — ערגעץ דאָרט אפן צווייטן פּלאן פון באוווסטזײַן איז שטענדיק יענער ניט אָפּטרעטנדיקער געפיל פון קאָנצענטרירטקײַט, פון וויכטיקײַט, דער באוווסטזײַן פון דעם, וואָס עס שטייט פאָר, פאָדערנדיק אן אויספילונג...

די באלעבאָסטע קלײַבט צו דעם צימער און ברענגט דעם סאמאָוואר.

נאָך דעם באגריסט זי צערעמאָניש מיטן נײַעם יאָר.

ווען אלע האָבן זיך ארום דעם סאמאָוואר צונויפגעקליבן, האָט די שווײַגנדיקע דירע ווידער זיך אָנגעפילט מיט טומל, שטימען און געלעכטער. מע האָט פאנאנדערגעשאָקלט קאפּיטאַניטשן. ער איז שרעקלעך געווען אין קאַעס אַף די אָרדענונגען, וואָס דערלויבן ניט א מענטשן זיך אויסשלאָפן און איז געווען דער אָביעקט פון די וויצן, וואָס זײַנען געגאנגען פון איינעם צום אנדערן.

## IV

טאָג פון א ליארם און אומקלאָרער באומרויִקונג.

איך שטיי באם פענצטער און קוק דורך די פארנעפּלטע שויבן.

דאָס, וואָס האָט זיך אין דעם זאָרגלאָזן און טומלדיקן „באָדפּירהויז" צעשטרייט און. אײַנגעשטילט, דאָס האָט ווידער אופגעלעבט און אָנגעהייבן ריידן אין די פוסטע און שטרענגע צימערן.

---

[1]) וולאדימיר איליטש פלעגט קומען צו מיר אַף דאטשע אַף דער סט. מוסטאָמיאקי, (פינלענדישע אײַזנבאן) און דאָס איז אלעמען באוווסט געוואָרן נאָכדעם, ווי עס האָבן אים דאָרטן געזוכט די יונקערן אין 1917, קעדיי אים צו ארעסטירן, ווען ער איז שוין געווען אריבערגעגאנגען אַף אן אומלעגאלער לאגע.

א נעפּל לייגט זיך איבער׳ן שטאָט און ווערט באַלד זי באַדעקן.

איבער די באַשנייטע צעקראָכענע ראָגן פון די טומלדיקע גאַסן שטראָמט, ניט אײַנשטילנדיק זיך, אָן אופהער די מענטשישע מאַסע. עס שנײַדן דורך דעם פּראָספּעקט פורלײַט — הונגעריקע פערד שלעפּן זיך פיל איבער דער מיט שניי־באַשאָטענער גאַס. די פולע טראַמווײַען שטעלן זיך אָפּ אונטער די פענצ־טער, שטייען אַווײַלע און שלעפּן זיך ווײַטער. די ווײַטקײַט פון דער גאַס גייט ביסלעכווײַז אַוועק אין נעפּל און פאַרהילטקײַט און אין דעמדאָזיקן נעפּל אײַלן גיך די פאַרבײַגייענדיקע מענטשן.

א לעבעדיקער אומופהערלעכער שטראָם.

איך קוק זיך אײַן אין באַזונדערע מענטשן. יונגע און אַלטע, רײַכע און אָרעמע, שיין אָנגעטאָנענע און אָפּגעריסענע, פאַרשיידנאַרטיקע אויסערלעכקײַטן, פאַרשיידענע ראַנגען פון פאַרשיידענער לאַגער און שטאַנד. יעדערער אײַלט זיך און יעדערער טראָגט מיט זיך זײַנע נײַ־יאָריקע זאָרגן. בא יעדן אין זײַן גרויס אָדער קליין, שלעכט אָדער גוט לעבן.

אומבאַמערקט ציִען זיך די פעדעם פון די לעבנס, וואָס טראָגן זיך. די פעדעם ציִען זיך און פלעכטן זיך צונויף, פלאָנטערן זיך און פאַרפלעכטן זיך אין א וווּנדערלעכן קנופּ. טעג רײַסן זיך איבער, אַנדערע הייבן זיך פונדאָסנײַ אָן, און דער טומלדיקער פלאַץ—דער פלאַץ פון לעבן — ווערט ניט פוסט. מיט פעדעם פון די לעבנס, וואָס טראָגן זיך דורך, איז פאַרפלאָנטערט די מעכטיקע שטאָט אין א לעבעדיקן און ציטערנדיקן קנופּ. די פעדעם פון ערגעץ גייענדיקע מענטשן בינדן די הײַזער און דירעס. א פענצטער פון אן אומבאַקאַנטן אינעם נעפּל פאַרהילטן הויז—א שײַן אין א פרעמדן אומבאַקאַנטן לעבן. עפּעס, וואָס עס איז פאַרמאַכט פון ווענט! דאָרטן גייען זיך צונויף מענטשן און שמועסן פאַרטראַכטע זאַכן, לעבן איבער זייערע פריידן און ליידן. די גאַנצע שטאָט האָט זיך צעקלאַפּט אויף אומצאָליקע קליינע וועלטלעך און יעדער וועלטל אַרבעט אָנגעשטרענגט. עס זוכט, שלאָגט זיך, שטרענגט זיך אָן גויווער זײַן די קראַפט פון דער געשיכטע, וואָס צעוויקלט זיך, אויסקעמפן זײַן רעכט אויף צו לעבן אין דער שטאָט, וואָס איז פאַרורטיילט אויף אונטערגאַנג. די שטאָט, וואָס איז פאַרורטיילט אויף אונטערגאַנג, גייט אָפּ א ציטערנדיקע און אָנגעשטרענגטע אינעם נעפּל.

ווי אומפאַרשטענדלעך און פאַרהוילן עס איז דאָס גרויזאַמע, וואָס האָט זיך באַזעצט אויף דער ערד! ווי אָנגעזעטיקט ס׳האָט זיך דאָס לעבן מיט ליידן! איך קוק ווידער אפן אָנבליק פון דער וווּנדערלעכער שטאָט און עס שטעלט זיך מיר ווידער און ווידער פאָר מיט די שטריכן פון א פּאָנעם, וואָס איז צעקרימט פון ווייטיק, — דער אינסטינקט, וואָס פילט דעם אונטערגאַנג. שטאָט, היט זיך! צי ניט דיר האָבן געוואָלט פאַרטרינקען פאַרפלייצונגען.

און דו ביסט געשטאנען א רעגירנדיקע און שטאָלצע. יענע כוואליע, וועלכע טראָגט זיך, דראָעט ניט די שטיינער פון אונטער די פאלאצן אָפּצושווענקען. די האָסט, ווי א קעניג, וואָס האָט כאראָטע, זיך געווענדעט צום וועג פון גרעסטע בירגערלעכע העלדנטאטן, נאָר מענטשן האָבן פארטראכט אָפּנעמען בא דיר דײַן רעגירערישן גורל. עס קומען אָן גרויזאמע טעג.

גרויזאמע און אויסמאטערנדיקע.

מיט וואָס פאר א לײַדן עס האָט זיך פארשפרייט איבער דער ערד יענע פריידיקע רעוואָליוציע, וואָס מע האָט באגעגנט אזוי פלאמעדיק? ווער האָט געזאָגט, אז די רעוואָליוציע איז יאָנטעוו? רעוואָליוציע — דאָס איז לײדן און העלדנטאטן. נאָר יענער, וואָס האָט פארלאָרן די מענטשלעכקײַט, וואָס קוקט ארויס מיט טעמפּע בליקן פון דער בלאָטע פון באלעבעסלדיקײַט אף דער טראגעדיע, וועלכע וויקלט זיך פאנאנדער, אָדער אויך דער, וואָס האָט דערפילט די מוטנע וואסער און דערזען לײַכטקייט זיך אָנצולעבן אין דעם כאאָס פון לעבן, וואָס ברעכט זיך, דער, וואָס האָט זיך גענומען אײַנאָרדענען זײַנע אייגענע איניאָנים און איניאָנימלעך,—נאָר די ווייסן עס ניט.

די רעוואָליוציע צערײַסט מענטשלעכע נעשאָמעס. די רעוואָליוציע נעמט אָפּ די צוגעבונדקײַט. די רעוואָליוציע שטיקט דאָס סאמע אײַנגעבאקנסטע און טײַערסטע. די רעוואָליוציע רופט צו דעם סאמע גרעסטן קאָרבן. און יעדערער, ווער עס איז אין איר ארײַן, — יענעמס לעבן האָט זיך אָנגעפילט מיט לײדן. ווי אָפט און ווי פיל איך האָב געזען דאָרטן און דאָ, בא אלעמען, בא גרויסע און קליינע אין דעמדאָזיקן העראָישן קאמף—ווי אָפט איך האָב געזען אף די פּענעמער א שפור פון טיפער גײַסטיקער אָנגעשטרענגטקײַט! דאָס לעבן האָט געמאכט, אז אין לײדן זאָל געבוירן ווערן דאָס נײַע. צי וועט עס ווען ניט איז פארשטיין, צי וועט באמערקן דער קומענדיקער ווײַטער דאָר יענעם קנייטש פון לײדן אפן טריומפירנדיקן פּאָנעם פון דער רעוואָליוציע?

וויפל פון די, וואָס גייען פארבײַ אונטער די פענצטער, שלעפּן א לעבן ווי א שווערן יאָך, וואָס איז געוואָרן איבער די קויכעס... אָט ערגעץ דאָרט, צווישן די, וואָס גייען ערגעץ איבערן פּראָספּעקט, וואָס שנײַדן איבער דעם פלאץ מיט אײַלנדיקע נײַ־יאָריקע טריט, גייט מיט א לײַכטן טראָט פון א כײַע, אײַלנדיק אף א צוזאמענקום, דער קאפּיטאן. צי טראָגט ניט מיט זיך א ווייטיק פון טיפן באהאלטענעם לײדן דערדאָזיקער יעגער, וואָס זוכט אָנגעשטרענגט א כײַע? וואָס האָט אים געצווונגען צו ווארפן זײַנע רויִקע טעג און גיין אף דערדאָזיקער לעבנסגעפערלעכער און קאטאָרזשנער ארבעט? צי דען איז ער ניט ענלעך צו דעם מענטשן, וואָס גייט אינדערהויך איבער א שטריק? דאָס לעבן יאָגט איבער א פאָדעם, צווישן אן אָפּגרונט רעכטס און אן אָפּגרונט לינקס. זעט, וויפל אינערלעכע אָנגעשטרענטקײַט און ערנסטע קאָנצענטרירטקײַט

עס איז אין דעם פריילעכן זשאָנגלירן און אין די זאָרגלאָזע וויצן פון דעמ־דאָזיקן זייער פריילעכן און זייער אויסגעהאַלטענעם מענטשן!

און ערגעץ דאָרט, אין דידאָזיקע גאסן, וואָס גייען אָפּ אין נעפּל, אין א גרויסן הויז בא דער טייַך נעווא געפינט זיך דער, וואָס זיַין לעבן דארף זיך צונויפשטויסן מיט מײַנעם אין איינעם פון די אומגליקלעכע נאָענטסטע טעג. ווײַל מיר איז באופטראָגט געוואָרן אים צו טויטן. ווער איז ער אזוינס? שוין עטלעכע טעג, ווי מיר גייען נאָך זײַנע שפּורן. ווער איז ער, — א שארלאטאן, וואָס זוכט באפרידיקונג פאר זייַנע ווילדע פארלאנגען אָדער אלץ, וואָס ער טוט, איז פאר אים אויך אזא העלדנטאט און אויך אזא לייַדן? ווער איז ער, אָט דער, וואָס האָט פארגאַרט דידאָזיקע פּאָשעטע, ניטכיטרע מענטשן, וואָס פארשטייען ניט, וואָס זיי שאפן, ווען עס איז אזוי גרינג אָפּצונארן און אריַינצוציִען, און פונוואנען נעמט זיך זייַן מאָדנע און אומברענגענדיקע מאכט איבער מיר? ווי איז עס געשען, אז דאָס פּאָשעטע און קלאָרע, וואָס איך בין מיט דעם אהער געקומען צופאָרן, האָט זיך פּלוצלונג פארפלאָנטערט אין א שווערן קנויל פון ווידערשפּרוכן און איז געוואָרן קאָמפּליצירט און אומפאר־שטענדלעך? ווער האָט פון מיר ארויסגענומען יענע רויִקייַט זיך צו ברענגען א קאָרבן, וועלכע איך האָב באקומען אין די פאַרגאנגענע טעג אין דעם אלטן וואָראָביי־הייַזל? ווער האָט צוגענומען דעמדאָזיקן באצויבערנדיקן באוווּסט־זײַן פון דער גערעכטיקייַט פון מײַן זאך, דורך וועלכע געהיימע פעדעם איז אריַינגעדרונגען אין דער נעשאָמע א סאָפעק, און ווער האָט די גאנצקייַט פון מײַן נעשאָמע צעריסן אף צוויי?

אסאך טעג, ווי איך גיי נאָך זײַנע שפּורן. לויט צייַטונגען, ארטיקלען און ווערטער זײַנע שפּיר איך אים נאָך. א נאגאן און א באָמבע פון העכסטער קוואליטעט איז גרייט פאר אים בא מיר, נאָר אָפּטמאָל דאכט זיך מיר, אז ער איז בא מיר אין ברוסט און איך קאָן אים ניט דערהארגענען, און איך וועל אים ניט דערהארגענען, אויב אפילע ער וועט זײַן טויט. ער איז ווי א גיפט, אָדער ווי א מאגייפע. ווער איז ער, דער, וואָס האָט גענומען די סאַסע הארציקסטע, די סאמע נאָענטסטע ווערטער און מיט זיי באדעקט דאָס סאמע מיִעסטע און נידערטרעכטיקסטע? ווער איז ער, דער, וואָס זאָגט צו דאָס, וואָס באומרויִקט אזוי און ווערט פארלאנגט, און נעמט צו דאָס סאמע הייליקסטע און גרויסע? ווער איז ער, דער, וואָס זאָגט צו פרידן און זייט סינע, וואָס זאָגט צו פרייַהייַט און גייט מיט די וועגן פון גוואלדטאט, וואָס רעדט וועגן עמעס און זייט ליגן, וואָס לייגט ארויף קייטן צוליב באפרייַונג, וואָס צעגראָמירט צוליב רייַכטום, וואָס פאראט צוליב ראטעווען, וואָס פאר־האסט צוליב ליבע, וואָס שיקט אף טויט צוליב לעבן? א גרויסע אָפּנארערייַ איז אין אים, א גרויסע פארפירערישקייַט, וואָס בייַצוקומען זי דארף מען גע־

פינען אין זיך קויעך. אָדער איז ער דער פּאָרזאָגער פון א נייעם עמעס, דער נאָווי פון א נייער קעניגרייך? א גרויסער סוינע, א גרויסער פּראָוואָקאַטער, אָדער א פּאָרויסזעער פון א נייעם לעבן, א פירער צו מענטשלעכן גליק, וואָס דעקט אוף אין שטורעם דעם קיטעזש? אַן אויסוווּרף אָדער א הייליקער, א פאַרעטער אָדער אַזאַ, וואָס פירט צו רעטונג? דאַכט זיך, מע דאַרף אים נאָך דערזען, און אַלץ וועט ווערן קלאָר. כ'וועל דערזען און פאַרשטיין. כ'וועל דערזען און קלאָר וועט אַלץ ווערן. עפּשער וועל איך דערזען אים א טויטן, אָדער עפּשער וועל איך אים דערזען דאַן, ווען ס'וועלן צום לעצטן מאָל א קוק טאָן די אויגן, וואָס האָבן דערזען דעם טויט.

דעם דריטן טאָג, ווי איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַרום זיין פּאַלאַץ, ווו ער לעבט און ווו עס האָבן פריִער געלעבט די אינסטיטוטקעס. מיט א שטורעם האָט זיך אופגעהייבן אַן אומשטילבאַרער פאַרלאַנג אים צו זען. אַלציינס! און ווען כ'וועל דערזען, וועל איך אַלץ זיך דערוויסן. כ'בין דורכגעגאַנגען די שאָמרים. ווי צום אומגליק, האָט זיך אונטערגערוקט דערדאָזיקער רויטער לאַטיש.

דער נעפּל פאַרשטעלט די שטאָט אַלץ מער און מער, אַפילע נאָענטע הייזער קען מען ניט זען. דער טאָג ווייזט אויס צוליבן נעפּל ווי אָוונט.

V

„קאָן זיין מע דאַרף עפּעס זאָגן וועגן דעם דעמקאַפּיטאַן, קאָן זיין, עס איז פּאָשעט א קלייניקייט, וועלכע איך האָב ניט קיין רעכט צו באַהאַלטן. דער קאַפּיטאַן האָפּט אף מיר, ווי אף א שטיינערנעם באַרג".

נאָר צי דען וועל איך ניט בלייבן שטייף ביזן סאָף? צי דען וועל איך ניט טאָן אַלץ דאָס, וואָס איך האָב גענומען אף זיך צו טאָן? צי איז ניט א שאַנדע זיך אונטערצוגעבן דעם ניסאָיען? ווי דאָס האַרץ זאָל ניט בונטעווען, איז דען ניט קלאָר פאַרן סייכל, אַז דאָס אַלץ איז נאָר א פיבער, א מעשוגאַס, א פּאַראַט. צי דען קענען מענטשן, וואָס זיינען אַזוי אָנערקענט אין די וויסנשאַפטן און אין מעלוכישער כאָכמע אַזוי איינהייטלעך א טאָעס האָבן אין זייער אַנטשיידענעם פאַרורטיילן? צי דען איז דאָרטן, אין דעם ווייטן צאָפנדיקן דאָרף, וואָס איך האָב אים מיין גרויסטע טרייהייט געשוואָרן, פאַרלאָזנדיק די היימישע ערטער, און ווו עס לעבן מענטשן, בא וועמען עס האָט זיך צונויפגעדריקט די נעשאָמע אין בענקעניש נאָך גליק — צי דען טראַכט מען ניט דאָרטן אויך אַזוי, ווי עס טראַכטן דאָ די ערשטע מענטשן פון לאַנד? וואָס זיינען די ווערטער, וואָס באַומרויִקן און פאַרפירן — צי זיינען ניט גענוג איבערצייגנדיק די פאַקטן? צי דען פירט ער ניט דאָס פאָטערלאַנד צום אונטערגאַנג? צי דען

פאַרשפּרעכן ניט זײַנע מײַסים קעגן דעם פֿאָלק, צי טראָגט ער ניט מיט זיך נאָך א שווערען יאָך, נאָך א שענדלעכערע אונטערדריקונג? צי דען האָט ער זיך ניט איזדעקעוועט איבער דער רעוואָליוציע, וועלכע מיר האָבן, ווי א רעליגיע אין זיך געטראָגן דאָס גאנצע לעבן? צי דען טראָגט ער ניט דיזעלבע אָרעמקײַט, דיזעלבע שיקרעס און דיזעלבע פינצטערקײַט אין אונדזערע דערפער און יישווים? צי דען זײַנען ניט קיין צוויי פענעמער בא אים, און צי דען איז ניט קיין שאנדע צו פארטראכטן זיך אף דעם, אף וואָס איך פאַר־טראכט זיך? צי דען איז ניט פארעטעריש צעגראָמירט געוואָרן די אַרמיי? צי דען פאָדערט ניט נעקאָמע דאָס בלוט פון די דערהארגעטע כאווײרים? צי דען לייגט זיך ניט אף זײַן קאָפּ מיט דער גאנצער שווערקײַט פון פאַראנטוואָרט־לעכקײַט דער נאציאָנאלער שאנד און די מעהומע אין לאנד?

אָ, ניין. איך וועל דעמדאָזיקן קאָפּ מיט פארגעניגן צעקוועטשן!...

— ניין, קאַפּיטאַן, איר קענט זײַן רויק, — די האנט וועט קיין ציטער ניט טאָן...

## VI

ס'איז געקומען דער אלטער עס־ער. ער זיצט אין זאל באם קלאַוויר אין א שטול, וואָס איז אוועקגעשטעלט אינמיטן. ער איז א גרויסער, א דיקער, רעדט מיט א פארכאפּטן אָטעם. בא אים א גרויסער פּאָנעם, אביסל א כריפּ־לענדיקע שטים. ער איז אין א פוטער מיט א פוטערנער היטל אין די הענט. מיט אביסל א פארדעכטיקער לעבעדיקײַט און מיט אן אומרויִקײַט קוקט ער זיך אום אין די זײַטן. ער איז ענלעך אף א מענטשן, וואָס לעבט אסאך טעג אין א גרויסער אומרו און זאָרג. פון דער אנדער זײַט איז ער אינגאנצן העפלעך און אופמערקזאם. זײַן אויסערגעווײנלעכע פארזיכטיקײַט גיט ארויס זײַן פארלעגנהײַט צוליב דער אומרויִקײַט, וואָס ער האָט פארשאפט די באלעבאטים מיט זײַן בא־זוך. נאָר אין דערזעלבער צײַט ווייס ער אויך, וואָס ער איז ווערט און מאכט דעם אײַנדרוק פון א מענטשן, וואָס איז אביסל געדריקט פון זײַנע אייגענע גרויסע מײַלעס, פון דער אומבאשטרײַטבארקײַט פון זײַנע רעוואָליוציאָנערע פארדינסטן און הויכן טיטל פון א מיטגליד פון דער גרינדונג־פארזאמלונג.

ער רעדט מיט א נאָכגיביקער ליבלעכקײַט און נאָך יעדער פראגע גיט ער צו:

— אָט.

די גאנצע כאווריײַע האָט זיך צונויפגעזאמלט און מיר שאפן ארום אים אן אופמערקזאמע אודיטאָריע. זײַן קומען אהער איז נײַ און פילבאדײַטנדיק. צי וויל מען דאָ ניט צוגעבן א וועלכע עס איז פּאָליטישע בירגערשאפט אונדזער

זעלבסט־אָרגאַניזירטער קאַמף־דרוזשינע, וואָס איז געבוירן דורכן פּראָנט און איז אָנגעפּילט מיט אַ גאַנץ אומבאַשטימטן אינהאַלט פון אַ הייסן פאַרלאַנג צו האַרגענען די באָלשעוויקעס און פאַרניכטן די קאָמוניסטן? צוגייענדיק צו דעם איניען פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט, איז דאָס באַווײַזן זיך פונעם אַלטן עס־ער צווישן אונדז, פאַרשטענדלעך, אַ וויכטיקע געשעעניש. דורך אים וואַקסן מיר אויס אַף אַ גאַנצן קאָפּ. אָן אים זײַנען מיר פּאָשעט אַ פּאַרטיזאַנישע באַנדע, וועלכע פּרוווט מיט פּוסטע אָנפּליען אָנטאָן דעם סוינע שאָדן און וועלכע עקזיסטירט דורך „זעלבסט־דערנערונג“. דורך אים זײַנען מיר אַ רעגולערער האַנדלענדיקער טייל, און עס דערלויבט זיך אונדז אַפילע געבן זיך אַ נאָמען און פון איצט אָן וועלן מיר אַרײַנגיין אין דער גרופּע פון יענע קאַמף־טיילן פון דער גרויסער אַרמיי צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד און די רעוואָלוציע, פון דער אַרמיי, וועלכע פאָרמירט זיך און גרופּירט זיך אַרום דעם אָבוכאָווער זאַוואָד. און אויב דאָס איז אַן אַרמיי, איז דאָך אַוואַדע אין דערדאָזיקער אַרמיי פאַראַן אַן אינטענדאַנטישער טייל מיט זײַן פּראָוויאַנט און געלט־מיטלען.

דורך דעם אַלטן עס־ער זײַנען מיר אַ טייל פון אַ גרויסן גאַנצן, ווײַל, וואָס זאָל ניט זײַן דערנאָך, אָבער איצט דערציילט אונדז דער אַלטער עס־ער וועגן רײַזאָנען, שטאַבן, דרוזשינעס „אין יעטווידער מאָמענט“, וועגן טויזנטער „לויטן ערשטן רוף“, וועגן אַ וווּנדערלעכער אָפּערוווילײקײַט, וועגן שטרענג־דורכגעטראַכטע סטראַטעגיעס און וועגן דעם, וואָס עס שטייט איבער אַלעם, אויסשטראַלנדיק פון זיך קוואַלן פון מעלוכישער כאָכמע און פעסטער מאַכט־דער קאָמיטעט. דאָס איז גוט. דער קאַפּיטאַן איז אַ יאַט!

ווען די גאַנצע אָפּעראַטיוו־פּראַקטישע אַרבעט איז אויסגעשעפּט, ווערט דער שמועס לעבעדיקער, גייט דער געשפּרעך אַריבער אַף מער פּריוואַטע טעמעס. אונזער גאַסט דערציילט אונדז וועגן הערלעכן פינפטן יאָר, וועגן פאַרשיקונג און טפיסע־לײַט, וועגן דער ערשטער מעלוכע־דומע, וועגן לאַנגע יאָרן עמיגראַציע, וועגן דעם, ווי ער איז געווען אין פּאַריזש אַ שוסטער און וועגן אַסאַך אַנדערע זאַכן. און כאָטש עס דאַכט מיר, אַז ער רעדט וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס אַן אויסגעלערנטע זאַך, וויסנדיק די מאָס פון דעם עפעקט, וואָס עס מאַכן זײַנע דערציילונגען, דאָך ברענט און צינדט זיך אָן די האַרץ פון זײַנע דערציילונגען, ווי פון די אַלטע לידער פון דער רעוואָלוציע.

דער אַלטער עס־ער איז גוטמוטיק געשטימט, רעדט האַלב־וויצלענדיק זיך שמייכלענדיק אַסאַך, נאָר איך, קוקנדיק אים אופמערקזאַם אין די אויגן אַרײַן, זע איך ווי ערנסט און ניט פריילעך עס זײַנען די אויגן אַף דעם שמייכלענדיקן פּאָנעם, די אויגן, וואָס קוקן אונדז אַזוי אופמערקזאַם אַרום. און דורך דידאָזיקע אויגן, ווי דורך שויבן, זע איך אין אים אַ נעשאָמע, אויך אַזאַ צעראודערטע און ברענענדיקע און אויך אַזאַ אָנגעזעטיקטע מיט ליידן. און אָט

דאָס, וואָס פון דידאָזיקע אויגן ווייט מיט ליבע און ליידן — דאָס דאַכט זיך אויך פאַר דאָס סאַמע גרעסטע און כאַמע דירנזיקע פון דעם, וואָס ער איז און וואָס אין אים איז פאַראַן. און איך באַקום אַביסל אָף אים ראַכמאָנעס, וואָס ער אַזאַ אַלטער און גוטער, וואָס האָט אַזויפיל אָפּגעגעבן אין זײַן לעבן פאַר דעם, וואָס גייט איצט אונטער, — דאַרף אַזוי זיך סטאַרענדיק, און קאָן זײַן צופאַרבנדיק, דערציילן די אומבאַקאַנטע מיליטער־לײַט, אַז די הערצער פון די אומבאַקאַנטע מיליטער־לײַט זאָלן זיך ניט וואַקלען, און אַרויסזאָגנדיק דאָס אויסגעלערנטע, מיט אומרו באַטראַכטן די צוהערער. אַזוי קוקט אַ קאָמאַנדיר, וואָס איז ניט זיכער מיט זײַנע סאָלדאַטן, אַזוי קוקט אַ גאַסן־זינגערן ווען, פאַרווײַלנדיק אײַך מיט אַ ליד, שפּירט זי נאָך מיט די אומרויִקע אויג, נאָך די באַוועגונגען פון אײַערע הענט.

שטײַגנדיק אַלץ העכער, דערגרייכן די רעדעס פון אַלטן עס־ער די געווייבלעכע גרענעצן אין אַזעלכע פאַלן, ווען די דערציילונגען וועגן העלדנטאַטן אין לעבן פאַרוואַנדלען זיך אין באַהאַנדלונגען און טראַכטעניש. ווען דער אַלטער עס־ער האָט, אויסשעפּנדיק דאָס איבעריקע, זיך גענומען צו מוסער, צו געבן דערקלערונגען און אָנווײַזונגען, באַמערק איך, אַז זײַן אודיטאָריע איז געוואָרן אומופמערקזאַם — עס ליבט ניט אונדזער כאַוורײַע מען זאָל זיי לערנען, און דאָס איז, ווײַזט אויס, דאַפקע דאָס, וואָס עס ליבט באַזונדער דער רעדנער.

— די טראַדיציעס פון דעמאָקראַטיזם, די איבערגעבנקײַט פון די פאַרבינדעטע, די אַלגעמיינע, גלײַכע און געהיימע, די פּראָפּאָרציאָנעלקײַט, ריכטיקייט פון די וואַלן, די גאַנצע מאַכט דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, די ערד דעם פאָלק א. א. וו. — נו, דאָס איז פאַרשטענדלעך אַזוי. צי איז דאָס דען ניט אַזוי, און צי קען מען דען צוקלערן עפּעס בעסערס? איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז די עס־ערן ריידן ריכטיק, נאָר פאַרוואָס האָט קיינמאָל ניט געצויגן צו זיי דאָס האַרץ?

## VII

מאַקס ציט מיר פאַרן אַרבל, און בײַ די אַנדערע זיצן נאָך און הערן, גיי איך מיט אים אין מײַן צימער, ווען מיר גייען אַוועק, באַמערק איך, אַז אין צימער איז געוואָרן פינצטערער.

— דאָס איז ניט קיין נעפּל, — זאָג איך, — דאָס איז שוין אָוונט.

אין מײַן צימער שטייט אַ ברייטער טערקישער דיוואַן, וואָס איז געמאַכט פון מאַטראַצן, באַדעקט מיט אַ טעפּיך. מיר זעצן זיך אַוועק. מאַקס רויכערט.

— דאָס איז אַלץ נאַרישקײַטן! — זאָגט מאַקס.

— וואָס איז נאַרישקײַטן?

— אָט אַלץ. דו הערסט, פונקט ווי דו וואָלסט אין פּראַגע שטיין.

דאָס געזאָגטע האָט זיך באַצויגן צו אונדזער ריידנדיקן גאַסט.

צו אונדז קומט סיאָמע און ציט זיך אויס לעבן אונדז. סיאָמע איז געקומען מיט דרייַ טעג צוריק. ער האָט נאָך ניט באַוויזן זיך צוגעוווינען און צוקוקן צו אַסאַך זאַכן. ער איז געפאָרן אויף פאַרשיידענע שלעק און ניסיונעס און אים אַנטוישט אָנגענעם דידאַקטיקע פאַרהעלטעניש מעסיקע קאָמפּאָרטאַבלקייט פון אונדזער עקזיסטענץ.

— וואַרט אָפּ, טייַערער, עס וועלן נאָך זיין גיטווייניק פאַרשיידנאַרטיקע איניאַנים.

— קיין געלט גיט מען ניט, און די בייַכער זייַנען פּוסט.

סיאָמע דערציילט פונעם וועג, וועגן דעם, ווי ער האָט באַקומען מיין טעלעגראַם, וועגן דעם, ווי ער איז געפאָרן, ווי ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין קיעוו, ווי ער איז געווען אין מאָסקווע.

— באַ זיי איז קלאָר און פּאָשעט,— טראַכט איך, זיצנדיק צווישן זיי. זיי פייַניקן זיך ניט, זיי גיבן זיך ניט אונטער. און עפשער פייַניקן זיי זיך אויך? עפשער וואָלטן זיי זיך געפייַניקט, ווען זיי וואָלטן באַמערקט?

ווען מיר זיצן אַזוי און שמועסן וועגן פאַרשיידנאַרטיקע און גאַנץ ווייניק אינטערעסאַנטע זאַכן, דערהערן מיר פּלוצלונג אַ קלונג אין קאָרידאָר — אַ דאָפּלטן און אַ שאַרפן.

— אונדזערע! דער קלונג איז אַן אָפּגערעדטער.

מאַלע צוליב וועלכע איניאַנים עס קאָן זיין, און ווייניק מענטשן קומען צו אונדז? דאָך שפּרינגען מיר אַלע אויף און גייען אין זאַל. ווער איז דאָרט?

— ס'איז געקומען דער טעכנאָלאָג.

— אַ! אונדזער אומגליקלעכער אינפאָרמאַטער.

אַ סטודענט־טעכנאָלאָג, אַ קליינינקער, אַ שוואַרצער, אין אַ היטל מיט אַן אינזשענער־צייכן און אין אַ וואַטענעם מאַנטל שטייט טאַקע אין פּירהויז. פאַרוואָס־זשע זייַנען אַלע מיטאַמאָל אופגעשטאַנען און זיך אויסגעשטעלט באַ דער טיר! ער, ווי רויק עס זאָלן אַלע ניט זיצן. שמועסנדיק וועגן פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע זאַכן. אָבער צי דען ליגט ניט אין מויעך און אין האַרצן נאָר איין זאַך, וואָס האָט אַלעמען פּלוצלונג אופגעהייבן און צערודערט מיטן נערוועזן קלונג פונעם טעכנאָלאָג.

נאָר דער טעכנאָלאָג באַגריסט זיך ניט. זיין אויסזען איז אַ זאַכלעכער און אופגערעגטער. ער געפינט מיט די אויגן דעם קאַפּיטאַן, זאָגט אים „זייַט אַזוי גוט" און פירט אים נאָך זיך איבערן קאָרידאָר אין קאַפּיטאַנישן צימער, וועלנדיק, ווי עס ווייַזט אויס, שמועסן מיט אים בעסאָד.

— וואָס באַטייַט עס?

— עפּעס וואָס איז דאָ?

— פאַרוואָס רעדט ער ניט פאַר אַלעמען?

— מיסטאָמע עפּעס ערנסטעס, ער זעט זײַטיקע מענטשן.

מיר שטייען. עס אינטערעסירט דאָס אויסערגעוויינלעכע אינעם טעכנאָלאָג. מיר קערן זיך אום צום איבערגעריסענעם שמועס, נאָר דער שמועס קלעפּט זיך ניט. מיר וואַרטן.

— אָט האָבן מיר דעם טעכנאָלאָג געזידלט, — זאָגט מאַקס, — מיסטאָמע האָט ער שוין עמיצן אַרויסגעפּאַנגען.

קאַפּיטאַניטש פּרוווט עפּעס אויסשפּילן, שטייענדיק באַם געעפֿנטן אינסטרומענט.

ענדלעך גייען דער קאַפּיטאַן און דער טעכנאָלאָג אַרויס. זיי גייען ניט אַרײַן אין זאַל און גייען דורך דורכן קאָרידאָר. מיר שטייען בײַ דער טיר. דער קאַפּיטאַן שליסט אָפּ דעם פּראָוויזאָרישן שלאָס פֿון דער אַרײַנגאַנג־טיר. לאָזט דורך פֿאָרויס דעם טעכנאָלאָג, וועלכער האָט אויפֿגעהייבן זײַן קראַגן.

— איז וואַרטן מיר אײַך ניט שפּעטער, ווי אין אַ שאָ אַרום, — זאָגט דער קאַפּיטאַן צום אוועקגייענדיקן טעכנאָלאָג, — אַנדערש וועלן מיר ניט באַווײַזן איר קומט דירעקט אַהין.

— יאָ, איך וועל גלײַך קומען, — זאָגט דער טעכנאָלאָג און גייט אוועק.

## VIII

— און וואָס האַנדלט זיך עס, קאַפּיטאַן?

— מײַנע הערן. די ידיעות זײַנען זייער ערנסטע און גאַנץ גינסטיקע מעגלעך, אַז אונדז וועט זיך הײַנט אײַנגעבן ליקווידירן לענינען. דעם טעכנאָלאָג האָט זיך אײַנגעגעבן אויפֿצוקלערן, אַז הײַנט, בײַ די באַגלייטענישן פֿון די רויטגוואַרדייער, וואָס ווערן אײַנגעאָרדנט אין צירק „טשינעזעלי“, וואַרט מען אים. מעגלעך, אַז ער וועט דאָרטן זײַן. צי וועט ער דאָרטן זײַן און ווען וועט ער זײַן — וועגן דעם וועט זיך דער טעכנאָלאָג דערוויסן דורך**[1]) און געבן גלײַך צו וויסן. ער נערווירט זיך זייער. מיר דאַרפֿן אָבער זײַן גרייט.

די כאַוורײַע איז אַרײַן אין אויפֿרעגונג. דער צערעמאָניאַלער אַ פּנים פֿונעם אַלטן עס־ער איז צעשטערט געוואָרן, און ער אַליין, ווי דערפֿילנדיק זיך ניט בײַ זײַנע איניאָנים, איז געשטאַנען פֿון ווײַטן.

... פֿון דעם מאָמענט, ווי דער טעכנאָלאָג איז אוועק און מיר האָבן זיך דערוווּסט די סיבות פֿון זײַן אויסעראָרדנטלעכן וויזיט, האָט די צײַט באַקומען

[1]) די דרײַ שטערנדלעך שטייען אין מאַנוסקריפּט (באַמ. פֿון ו. ב. ב.)

אַן אַנדער מאָס: מינוטן זײַנען געוואָרן טעג, לויט דער צאָל געשעענישן וואָס זיי נעמען אַרײַן, און דער צעצויגענער נײַ־יאָר־טאָג האָט זיך פלוצלונג פאַר־דרייט, זיך צעהאָפקעט, צעשפרונגען...

עס זײַנען געגעבן געוואָרן פאַרשיידענע אייצעס, עס זײַנען געמאַכט גע־וואָרן פאַרשיידענע פאָרשלאָגן. איינע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן נעפל, די אַנדערע קעגן. דער קאַפיטאַן אָבער איז געווען אויסערגעוויינלעך רויִק.

— דער וועט ניט דורכלאָזן,—האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

מיר האָבן זיך אָנגעטאָן, זיך געשטויסן, פאַנאַנדערקלײַבנדיק די שיכעלן. זיך געײַלט אין „באָדפירהויז" אויספאַרטיקן זיך צום אַטענטאַט.

איך האָב געזען ווי דער אַלטער עס־ער האָט זיך אינדערשטיל געזעגנט מיטן קאַפיטאַן און איז אַרויס.

נאָך אים זײַנען אַרויס די אַנדערע.

ווען די כאַוורײַע איז אַרויסגעגאַנגען, איז קסעניאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ גע־שטאַנען אין קאָרידאָר בײַ דער טיר און אַביסל כויזעקנדיק און אַביסל דער־שראָקן געקוקט. נאָך דער טאָכטער האָט זיך פון ווײַטן צימער אַרויסגעקליבן די אַלטעטשקע.

— זיך דערוויסן האָט זיך אים אײַנגעגעבן צופעליק,—דערציילט מיר דער קאַפיטאַן, ווען מען האָט באַגלייט די כאַוורײַע.—אָבער דער צופאַל איז אַ זע־טענער. נאָר אַזאַ וועסטו ניט כאַפן.

מיר האָבן נאָך אַביסל געשמועסט.

— איך האָפ אַפ אײַך?

— יע, קאַפיטאַן. איר קענט זיך אַפ מיר פאַרלאָזן,

— איר זײַט גרייט?

— גרייט!

— דערזען מיר זיך מיט אײַך אין אַ האַלבער שאָ אַרום: צוערשט אין „באָדפירהויז", פון דאָרט אַפ דער אָפעראַציע.

## IX

מײַן צימער. ביכער. העפטן. דער לאָמפ ברענט. ווי גוט עס איז, וואָס עס איז געוואָרן מיטאַמאָל אַזוי רויִק און זיכער!

הייסט עס, מען דאַרפ פאַרמאַכן דעם בוך, קאָן זײַן אַפ שטענדיק, און אָפלייגן די העפט אָן אַ זײַט. זאָל דער מיטן פון טיש זיך אָפרייניקן פאַרן נאַגאַן, פאַר דער באָמבע און שווערד—מײַנע לעצטע מיטגייער. דעם נאַגאַן דאַרפ מען אַרומקוקן,—פאַר דער שלאַכט קוקט מען שטענדיק אַרום דאָס געווער.

מײַן נאגאן איז גרײט. 52032. ווי איז יענער ווײַטער טאָג, דער זאָרגלאָזער טאָג פון דער באַשטימונג, ווען מיר זײַנען קימאַט נאָך יונגערן, קימאַט שוין אָפּיצערן — ווער קאָן פאנאנדערקלײַבן — נאָך דער דײַ צוגעגאנגען צום ראָטנעם און באַקומען גלײַך פון קעסטל נײַינקע פעט־אויסגעשמירטע רעוואָלווערן? ווי פריידיק עס האָט זיך דעמלט אויסגעוויזן דאָס לעבן און מיט וואָס פאר א קרייצוועג עס האָט זיך פאַרדרייט. דער נאגאן וועט פארענדיקן דאָסדאָזיקע לעבן, אויב איך וועל אוועקגיין פון דער באָמבע, אָבער ניט אוועקגיין פונעם נאַכיאָגן.

איך טאַפּ די שארפעריקע אויבערפלאַך פון דער באָמבע, זי לייגט זיך פריי אַרײַן אין קעשענע.

מײַן וועלפּישע היטל. דאכט זיך, אַלץ? וואָס נאָך איז נייטיק? ס'איז נייטיק דער שארף און די הענטשקעס. מירן זיי באלד אַרײַנלייגן.

נו, איך־בין פארטיק.

X

איך בין אינגאנצן רויִק, ווי גוט עס איז, וואָס עס וועט באלד פארבײַגיין נאָך א ביסל צײַט, און מען וועט ניט דארפן זיך מער פײַניקן, ניט ברענען פון דעמדאָזיקן געהיימען סאם, ניטווארפן זיך אין שלאָפלאָזע נעכט. ס'וועט מעקויעם ווערן דאָס פאָרויס־באַשטימטע, און זאָלן דערנאָך מישפּעטן מענטשן און זאָל מישפּעטן דער הימל. צי דען איז מען בעקויעך זיך קעגנשטעלן דער אומבאוווּסטער קראפט, איך בין אויך אין דעמדאָזיקן שטראָם.

און אלע זײַנען מיר ווי שפּענדלעך, וואָס ווערן געשלײַדערט פון שטורעם, און די סאמע שטארקסטע פון אונדז זײַנען נאָר שאָטנס פון קראפט. ס'איז פאנאנדערגעפאלן די דאמבע. דער שטראָם פון דער אומבאווּסטער קראפט צעשטערט דאָס, וואָס האָט דורעסלאנג געדרעמלט אונטער דער זון. ווער איז דאָרטן אפן סאמע שפּיץ פון שטראָם, וואָס פארזיכערט, אז דאָס פירט ער דעם שטראָם אהין, וווהין ער וויל?

ס'איז פון לעבן געגעבן דעדאָזיקער שווערער יאָך. פארוואָס איז ניט געגעבן יענער פּאַשעטער און לײַבער ארט לעבן, פאר וועלכע איך בין געבוירן? איצט איז מיסטאָמע א פראָסט, און דער רויך פון מײַן פאָטער־הויז הייבט זיך אוף אינדערהויך ווי א זײַל — פארוואָס בין איך ניט דאָרט, נאָר דאָ? פאר־וואָס האָט מיך אויסגעהאָדעוועט מײַן דאָרף צו א פּאַשעטן לעבן צווישן פּאַשעטע מענטשן, אָנגעטרונקען מיך מיט זון־אופגאנגען, מיך אײַנגעוויגט מיט וואלד־גערויש, מיך פארקישעפט מיטן געקלאנג אין די פעלדער און געשיקט מיך אהער, אין דער פרעמדער און אומבאקאנטער שטאָט. אפן גרויסן קאָרבן

פֿון מאָרד? „יעדן איז אין לעבן געגעבן דאָס זײַניקע",—אַזוי פֿלעגט אָפֿט זאָגן די מוטער.

דער לאָמפּ ברענט איבער די ביכער. צווישן די ביכער און העפֿטן—אַ באָמבע און אַ באַקאַנטער, אומענדלעך טײַערער פּאָנעם אין אַ טשערעפּאַכע־ראַמל. עס שלאָגט די לעצטע שאָ. זאָל מעקויעם ווערן דאָס פּאָרויסבאַשטימטע.

## XI

אָט איז ווידער אַ קלונג—נאָר אַ געוויינלעכער און ווייכער.

איך הויב זיך אויף און גיי עפֿענען:—אירינע. אַ רויטלעכע און לעבן־לוסטיקע, מיט די באָטן אונטער אָרעם.

איך קען ניט גיין אין די באָטן. אַראָפּגענומען— און הײַדאַ אין שיף. איך גיי, טראָג די באָטן און אַלע לאַכן.

און איר איז אויך פֿריילעך. איך העלף איר זיך אויסטאָן.

— איר האָט גוט געטאָן, וואָס איר זײַט געקומען,—זאָג איך איר, ווען איך גיי מיט איר אַרײַן אין מײַן צימער,—איר זײַט, פֿרײַלן, געקומען אַזוי צו־דערצײַט, וואָס מע דאַרף שוין ניט בעסער.

— צו וואָס בין איך אײַך נייטיק?

— קעדיי זיך מיט אײַך צו געזעגענען.

— איר פֿאָרט אַוועק? ווײַט?

איך פֿאָר, נאָר איך ווייס נאָך ניט וווּהין. מעגלעך, אַז דער וועג וועט זײַן אַ ווײַטער און מירן זיך מיט אײַך, אַז גאָט וועט געבן, נאָך זען. נאָר מעגלעך, אַז עס וועט אויסקומען פֿאָרן ניט ווײַט און ניט לאַנג, נאָר אומקערן זיך וועט זײַן אוממעגלעך.

— איך פֿאַרשטיי גאָרניט. איר רעדט ווי פּריִער נאַרישקײַטן.

— וואָס זאָל מען טאָן, נאָר מיר פֿרייט דאָך, וואָס איר זײַט געקומען.

---

און ווען מיר זײַנען אַזוי געזעסן און געשמועסט און דאָס לעבן האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן פּאָשעט ביזן באַנעמען די פֿרייד פֿון זען און הערן,—איז אַרײַן דער קאַפּיטאַן און געזאָגט:

— נו, ס'איז צײַט.

מיר האָבן זיך אָנגעטאָן. דער קאַפּיטאַן אין זײַן סאָלדאַטישן שינעל, איך אין מײַן ראָמאַנאָוון פּעלצל. די וועלפּישע פּאַפּאַכע און דעם שאַרף. באַם קאַפּי־טאַן איז אויף די פּלייצעס אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ באַשליק.

דערנאָך האָב איך זיך אומגעקערט אין מײַן צימער.

— צי האָב איך אַלץ גענומען?

א קוק געטאָן אף די ביימער, אף די ווענט, אפן טשערעפאכע־דעטל. איך האָב אויסגעלאָשן די פייַער און בין ארויס.

---

אין עס־צימער האָט געברענט דער לאָמפּ, געקאָכט דער סאמאָוואר און דער טיש איז געווען גרייט צום אָוונט־טיי. נאָר צום טיש האָט זיך קיינער ניט געזעצט און דער סאמאָוואר, זעענדיק, אז מיט אים אינטערעסירט זיך קיינער ניט, האָט זיך שטילערהייט אויסגעלאָשן.

XII

מע האָט אונדז באגלייט מיט אומרו און ליבע: קסעניא אלעקסאנדראָוונא, אירינע, אלעקסאנדרא פעאָדאָטאָוונא.

קסעניא אלעקסאנדראָוונעס לויכטנדיקע אויגן האָבן געברענט פריידיק און אומרויק. דורך אירע ווערטער און זשעסטן האָט ארויסגעקוקט א שטאָלץ, און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן פעסט ווי שטאָל איר הארציקער כאראקטער. אלעקסאנדרא פעדאָטאָוונא איז געשטאנען פונווייַטן און מיט גרויסן אומעט און ראכמאָנעס געקוקט אף דער יוגנט, וואָס קלייַבט זיך אף עפּעס א שוידערלעכער זאך. דערמאָנענדיק זיך איצט דידאָזיקע אלטעטשקע, טראכט איך וועגן דעם, וויפל העראָישעס עס איז אין יענע צייַטן געווען צווישן די פּאָשעטע, ניט איבערגעשפּיצטע מענטשן, וואָס קיינער וועט זיך וועגן דעם קיינמאָל ניט דערוויסן, און ווי אלץ איז געטאָן געוואָרן מיט א וואָכעדיקער געוויינלעכקייט.

אירינע האָט אומרויק געקוקט.

— מיר דאכט, אז דידאָזיקע הענטשקעס וועלן אייַך זייַן אומבאקוועם,— זאָגט צו מיר קסעניא אלעקסאנדראָוונע.— איך וועל אייַך געבן אנדערע.

און ברענגט מיר דעם מאנס גרויע הענטשקעס.

— יאָ, די וועלן זייַן באקוועמער.

אונדז באגלייט מען ביז די טויער.

XIII

אין „באָדפירהויז" איז א קאזארמע. מענטשן אין גרויע שינעלן, וואָס טוען זיך אָן און זייַנען אָנגעטאָן, זיצן און גייען, גרייטן די געווער און טרינקען קאָניאק. ניטאָ קיין עלעקטרע, און דאָס שטיקל ליכטל, וואָס איז ארייַנגערוקט אין פלעשל, באלויכט די פארשווערער.

... סיאָמע זיצט אין זייַן, אזוי גוט באקאָנטן, ברוינלעכן שינעל און אין דער גרויער פּאפּאכע, וואָס איז פארוואָרפן אפהינטן, קוקנדיק אָנגעבלאָזן און

אומבאוועגלעך אפן פייַער. וויפל מאָל איך האָב אים שוין געזען אזא אָנגעבלאָזענעם. אָט דערדאָזיקער וווּנדערלעכער דרייסטער יונג האָט שטענדיק באַגעגנט געפאַרן ווי א קאַלטע וואַנע, זיך צעהיצנדיק און אַריינגייענדיק אין טאַם ערשט שפּעטער.

— וואָס איז, סיאָמע,—זאָג איך צו אים,—מירן גיין, ברודער, אַף אַן אויסשפּירונג אַראָפּגעמען א דייַטשישע וואַכטע?

סיאָמע קוקט אַף מיר, ציט אַן אומבאַשטימטן „יע" און איך לייען באַ אים אַפן פּנים, ווי עפּעס א שולדיקן שמייכל.

„אָט דעמדאָזיקן שמייכל, מייַן ליבער יינגערער אָפיצער, האָב איך פריער באַ דיר ניט באַמערקט,—טראַכט איך,—קאָן זייַן, אַז אויך דיך האָט פּאַרקישעפּט יענע טייַוולשע קראַפט?" דערפאַר זאָג איך צו אים:

— דו ביסט, סיאָמע, אָפּגעמאַטערט פון וועג. עפּשער וואָלסטו בעסער ניט פאָרן?

— ניין, איך וועל פאָרן...

---

מאַקס און קאַפּיטאַניטש פּילן זיך, פּונקט ווי זיי וואָלטן אויסגעשפּילט צו הונדערט טויזנט. טרינקען קאָניאַק און קאָמאַנדעווען. סיאָמע טרינקט מיט זיי. זיי זייַנען אונדז מעכאַבעד „אַף צוגעבן מוט". מיר זאָגן זיך אָפּ.

---

איך האָב זיך געזעצט אין ווינקל, אין שטול באַם שפּיגל, א גרייטער און אָנגעטאָנענער, מיט א געפיל פון א געוויינלעכער פּוסטקייַט און געגומען וואַרטן דעם באַפעל אַרויסצוטרעטן.

איך האָב געקוקט אַפן צימער, וואָס איז באַלויכטן פון שטיקל ליכטל, אַפן פריילעכן און טרינקענדיקן מאַקס, אַף די געוויינלעכע פּנעמער פון די געוויינלעכע מענטשן, וועלכע ווייַזן זיך איצט אויס פרעמד און אומבאַקאַנט.

אָט איז דער קאַפּיטאַן. ער איז רויִק, נאָר דריקט אויס אומגעדולד. סאַראַ וווּנדערלעכער קאַפּיטאַן,—טראַכט איך. וואָס איז אין אים, אין אָט דעם פּאַשעטן און געוויינלעכן, אַזויפיל צוציִענדיקס און פּאַרקישעפנדיקס? מיט א מעכטיקער אינערלעכער קראַפט ברענט ער, דער, וואָס איז אַזוי קאַרג אַף א וואָרט, דער אומענטשלעך אויסגעהאַלטענער סאָלדאַט. אָ, דער וועט זיך ניט איינשטילן, ביז ער וועט ניט פאַלן, אָדער פאַרענדיקן די זאַך. ער וועט גיין נאָך די טריט, ווי א טייַגער־יעגער נאָך א הירש. ביזוואַנען ער וועט ניט אויסמאַטערן ער וועט ניט אָפּטרעטן אַפילע דאַן, ווען אין די הענט וועט ניט זייַן קיין איין מיטל. דער קאַפּיטאַן איז אינגאַנצן, ווי א העכסט־אָנגעצויגענע שטאָלענע פּרוזשינע. דער קאַפּיטאַן וועט ניט אָפּטרעטן און וועט ניט קיין ציטער טאָן מיט דער האַנט. דער קאַפּיטאַן האָט דערקלערט א מילכאָמע ניט אַף לעבן, נאָר

טויט. אַלע קענען אָפּטרעטן — ער וועט בלייבן, דער קאַפּיטאַן, און ער וועט טאָן דאָס, אַף וואָס ער האָט זיך אַנטשלאָסן — דער קאַפּיטאַן וועט ניט אַרויסלאָזן.

— פאַרוואָס זשע איז אַזוי לאַנג ניטאָ דער טעכנאָלאָג?

זאָל ער גיכער גיין. באַם האַרטשטיינערדיקן קאַפּיטאַן קאָנען ווייך ווערן די סאָלדאַטן.

## XIV

נאָר אָט איז אויך ער. אַן אויפגעשטעלטער קראַגן, די היטל מיטן אינזשענער־צייכן.

— יע, אַלץ איז אַזוי. די ווייטגוואַרדייער באַגלייט מען אַפּן פראָנט. די באַגלייטענישן וועלן זיין אין צירק טשיגיזשעלי. לענין האָט צוגעזאָגט דאָרט זיין. מען וואַרט צו אַכט אַזייגער.

איצט איז אַרום זיבן דעם זייגער. מיר ריזיקירן צו פאַרשפּעטיקן.

— מיר מוזן טייקעף פאָרן. מיר דאַרפן צוערשט אָפּריידן, ווי צו האַנדלען.

אַלע האָבן זיך צונויפגענומען אַרום טיש, ווו אין העלדזל פונעם פלעשל האָט דערברענט דאָס ליכטל.

— ווי עס ווייזט אויס איז אונדז באַקוועמער פאַר אַלץ צו דערהאַרגענען אים דאָן, ווען ער וועט אַרויסגיין פון צירק.

דער קאַפּיטאַן האָט אָבער געזאָגט:

— איצט איז שווער צו באַשטימען. דאָס וועט מען זען אַפּן אָרט.

אַלעמען האָט זיך עס אויסגעוויזן פאַר ריכטיק.

— אַף וועלכן אויטאָמאָביל פירט ער היינט?

— מיסטאָמע אַפּן זעלבן — 4647.

דער קאַפּיטאַן האָט פאַראָרדנט.

— טייקעף פאָרן. אַרויסגיין פון דירע איינציקווייז יעדערער זאָל פאָרן זעלבשטענדיק מיט זייטיקע גאַסן, אַלע זאָלן זיך צונויפקלייבן באַם סקווער, הינטערן צירק.

— פאָרויס מאַרש! — שיסט אויס מאַקס. — קאַפּיטאָניטש, לאָמיר אויסטרינקען צום לעצטן מאָל צו קיילישעק.

## XV

דער קאַפּיטאַן מיטן טעכנאָלאָג זיינען אַוועקגעפאָרן די ערשטע. מיר האָבן זיך אַביסל פאַרהאַלטן און זיינען אַרויס איינציקווייז. איך בין אַרויס און באַם טויער אָפּגעוואַרט מאַקסן.

— מאקס, מיר גייען צוזאַמען?
— צוזאַמען. שטענדיק צוזאַמען.—איצט צוזאַמען.—הײַדא, וואָס ס׳וועט־
חעט זײַן, ווי גאָט וועט געבן.

מיר זײַנען אוועק איבער דער גאַס. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, און דער נעפּל איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אַפילו אויף עטלעכע שריט איז שווער געווען צו אונטערשיידן אַ מענטשן. מיט העלע קײַלעכדיקע קוילן האָבן געלויכטן אינעם דיקן נעפּל די לאַמטערנעס. עס זײַנען געגאַנגען פאַרבײַגייער.

— עך, נעכטלעע האריגישע,—קיין בעסער נעכטל וועסטו ניט געפינען.

— יע, מאַקס, קיין בעסערס וועסטו ניט צוטראַכטן.

אויפן ראָג פּראָספּעקט האָבן מיר באַגעגנט אַ פורמאַן.

— אויף ליטיינע!—האָבן מיר אים געזאָגט.

זיך אַרײַנגעזעצט. אוועקגעפאָרן.

פויל האָט געשלעפּט די קליאַטשע. ס׳איז שווער איבער דער גאַס, וואָס איז ניט אָפּגעריייניקט פון שניי.

---

... איך קוק אויף דער אָוונטיקער שטאָט. נעפּל, נעפּל, נעפּל. מענטשן, פור־לײַט, הײַזער. אין די הײַזער פענצטער—דורכלויכטונגען אין אַ פרעמדן לעבן.

און דער הימל האָט זיך פונויבן פונקט ווי אַראָפּגעלאָזט ביז די סאַמע דעכער און העננגט אַ שוואַרצער און דריקנדיקער, אַ גרייטער זיך צו צעלאָזן. אַרום איז דער נעפּל, ווי אַ גרויער לײַלעך.

איך מאַך אָנשטרענגונגען, קעדיי אַרײַנצוקוקן אין זיך און איך זע אונטער מײַן געוויינלעכער רויִקײַט עפּעס אַזוינס, וואָס באַאומרויִקט און רעגט. פונקט ווי ערגעץ דאָרט, אויפן סאַמע דעק פון דער נעשאָמע ברויזט עפּעס, ווי אַ באַ־האַלטענער וווּלקאַנישע קראַפט, קאָכט און זידט און הויבט זיך אויף. דאָרטן טראָגן זיך פאַרב־געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהײַט. דאָרטן זײַנען שטיקלעך פון געוועזענע טעג. דאָרטן זײַנען ווערטער־שפּליטער פון פאַרמישפּעטע,—דאָרטן איז עפּעס לעבעדיקס, וואָס איז פאַרקוועטשט דורך דער אויסגעלערנ־טער מידע פון באַהערשן זיך. בעסער ניט קוקן, בעסער ריידן מיט מאַקסן.

— מאַקס, וואָס האָסטו זיך אײַנגענורעט, דו ציטערסט?

# XVI

ליטיינע. מיר צאָלן זיך פאַנאַנדער. מיר גייען. מיר געפינען אַן אַנדער פורמאַן. מיר פאָרן.

מיר מוזן זיך אײַלן.

מיר קומען, ווען אַלע איבעריקע זײַנען שוין אויף די ערטער.

דער אַרײַנגאַנג אין צירק איז באַלויכטן. אַסאַך מענטשן. מע וואַרט.

— אינגיכן?

— ניט שפּעטער, ווי אין אַ האַלב שאָ אַרום.

אין דער מאַכנע דערקען איך די אייגענע יאַטן, אָט איז דער גוטמוטיקער סיאָמע. מיט דער פאַרווונדערונג פון אַ געקומענעם זאַבײַקאַלער אין פּעטראָגראַד קוקט ער אַף דעם אויסגעפּוצטן אַרײַנגאַנג פון צירק. עס ווערט מיר לעכערלעך. דער גוטער סיאָמע. צי פאַרקוקן דען אין די זײַטן און גאַפן אַף די לאַמטערנעס פאַרשווערער, וואָס גרייטן זיך דערהאַרגענען דעם הויפּט פון דער מעלוכע? דער בליק דאַרף זײַן אַ פינצטערער און אַבי׳סל פון אונטער די ברעמען. דו קענסט ניט דײַן סלוזשבע, און ביסט נאָך אַ קאָזאַק!

מע גיט מיר איבער, אַז דער קאַפּיטאַן האָט געבעטן אַלעמען זיך צונויפקלײַבן הינטערן צירק. דאָרטן זײַנען ביימער, פונקט, ווי אין אַ פּאַרק, אָדער אַף אַ בולוואַר. פוסט. אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן. עפּעס איז זער טעכנאָלאָג ניטאָ. די פּענעמער זײַנען אָנגעשטרענגט.

פון צײַט צו צײַט גייען דורך פאַרבײַגייער. דעמאָלט גייען מיר זיך פאַנאַנדער אין די זײַטן און מאַכן אַ פּאָנעם פון אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס זײַנען פאַרטאָן אין שפּאַצירן. עפּעס אַן אַלטעטשקע איז געגאַנגען. די אַלטעטשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אופמערקזאַם אַ קוק געטאָן. דערנאָך איז זי אוועקגעשוווּמען ווײַטער.

און אָט איז קיינער ניטאָ. מיר שטייען אַרום קאַפּיטאַן און אויסציִענדיק די העלדזער, הערן מיר, אַף אַלעמעס פּענעמער—אַן אָנגעשטרענגטקייט און אופמערקזאַמקייט. דער אינייען איז ניט קיין וויץ—באַלד גייען מיר אין אַטאַקע.

דער קאַפּיטאַן זאָגט, ווי אַזוי צו האַנדלען.

מיר וועלן דערהאַרגענען, ווען ער וועט אַוועקפאָרן פון מיטינג, זיך סטאַרען פון רעוואָלווער, קעדיי ניט האַרגענען פון פאַלק. אויב עס וועט ניט אַרויסגיין—אַ באָמבע. אַלע האָבן ניט וואָס צו טאָן. צוויי,—די איבעריקע מיט מיר—העלפן אָדער אַרויסראַטעווען. פאַר דער צײַט ניט אוועקגיין. אַ לעבעדיקער זיך ניט אונטערגעבן.

— איר נעמט?—פרעגט מיר דער קאַפּיטאַן.

— יע.

— און וועמען מיט אײַך?

— איך,—האָט געזאָגט מאַקס.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .[1]

---

[1]) די שורע פּינטעלעך איז אַרײַנגעשטעלט דורכן מעכאַבער אין מאַנוסקריפּט (באַמערקונג פון וו. ב.־ב.)

די נאכט איז א פינצטערע, דער הימל איבערן קאָפּ.
נעפּל, נעפּל, נעפּל.
עס גייען מענטשן, עס ברענען פײַערן—שטאָט!
צווישן שנייען—א דאָרף, איבערן דאָרף—גלאָקן.
ווער האָט אָנגעצויגן די נעשאָמע ווי א סטרונע?

## XVII

ווידער לעבן צירק.

עס ברענט דער לאמטערן—א זון. העל. עס שטויסן זיך פארשיידנארטיקע מענטשן. רויטגווארדייער שטייען באַם ארײַנגאנג—לאָזן ניט.

מע ווארט.

די שכיינעסדיקע גאס טומלט מיט יאָנטעוודיקע מענטשן. פורלײַט, פארבײַגייער, אווטאָמאָבילן, נאכט און נעפּל. די שטאָט אין נאכט, אין נעפּל, א ציטערדיקע און אן אויסגעהאנגענע מיט פײַערדיקע קוילן. דער צירק. עס ווארטן מענטשן—א שווײַגנדיקע מאכנע. מיר ווארטן. סעקונדעס—יאָרן.

---

אָט האָט עפּעס אן אווטאָמאָביל, פארקירעווענדיק זיך פון גאס, א שוים געטאָן אהער און מיט צוויי פײַערדיקע פינגער באוויזן אפן צירק.

— ער פאָרט!

דער אוילעם האָט זיך א ריר געטאָן, זיך צוגעדריקט, זיך צונויפגעפּרעסט.

— כאווײרים, שפּארט זיך ניט!

דער אווטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט און מע האָט אָפּגערייניקט דעם אוילעם.

— טרעט אָפּ!

א רויטגווארדייער דריקט מיר אין ברוסט. הינטן דריקט דער אוילעם.

עפּעס דרײַ זײַנען ארויס פון אווטאָמאָביל און איבערן אָפּגערייניקטן דורכגאנג ארײַן אין צירק.

איך האָב זיך א ריס געטאָן און דורכגעריסן די קייט. דער אוילעם האָט זיך א שפּאר געטאָן. מע האָט אים פארהאלטן באַם ארײַנגאנג.

נאָר איך בין שוין אין צירק.

א קליינער און אײַנגעפאלנדעוועטער רויטגווארדייער, אין א פידזשאק, מיט אן אריבערגעוואָרפענעם זעקל, מיט א ביקס, וואָס זעט אויס אויסערגעוויינלעך גרויס, האָט זיך אָנגעכאפּט פאר מײַן פּעלצל.

— כאווער, מע טאָר ניט.

נאָר איך האָב ארויסגעריסן פון זײַן האנט דעם עק פון דער פּאָלע און א געשריי געטאָן:

— איך בין א קאָמיסאר!

מײַן אויסזען און מײַן טאָן האָבן גערעדט וועגן דעם, אז ער האָט שטארק א טאָעס געהאט, פארהאלטנדיק מיך, און אז שמועסן מיט אים איז מיר לאַכּ־לוטן ניט אינטערעסאנט,—דער רויטגווארדייער האָט מיר געלאָזן גיין.

לויפנדיק בין איך אוועק ווײַטער.

א שוואך באלויכטענער זאל פון גרויסן אומבאקאנטן צירק. דעם קופּאָל זעט מען ניט, פון די שיטערע לאָמפּן איז אויבן א שווארצער טהאָם.

אין צירק איז פּוסט. אין מיטן שטייט א טריבונע, באצירט אין רויטן, און פאר דער טריבונע—א פאנאנדערגעוויקלטע ריי פון א קליינעם רויטגוואר־דעיִשן טייל.

און דאָס זײַנען געווען מינוטן, ווען אפן אָרט פון די געוויינלעכע געפילן זײַנען געקומען עפּעס גאָר באזונדערע. דערפאר איז וועגן דעם אלץ, וואָס איז געווען אין צירק, זייער שווער צו ריידן. צי וואָלט מען געקאָנט מיט די געוויינלעכע געפילן אין איין מינוט ארײַנעמען אין זיך אזוי פיל?

איך מיין, אז איך האָב דאָרט איבערגעלעבט עפּעס אזוינס, וואָס איז אינ־גאנצן אויסערגעוויינלעך.

איך געדענק, אז ווען איך בין געלאָפן איבערן צירק, איז געווען א בול־לעטער געפיל פון דעם, אז דו דריננגסט ארײַן אין עפּעס אומבאקאנטעס און געהיימעס, פּונקט ווי איך וואָלט אריבערגעטראָטן דעם פארבאָטענעם שוועל און איך בין איצט אין דער מאכט פונעם אומבאוווסטן.

## XVIII

איך לויף פאָרויס.

די רויטגווארדייער האָט מען א קאָמאנדעווע געטאָן „אכטונג“ און זיי־ שרײַען „הורא“.

דער קאָמאנדיר,—א בייזער מענטש אין א וואטאָווון פּידזשאק, מיט א ריי־ מען אריבער דער פּלייצע,—שטייט אין מיטן און האלט דעם שווערד אנטבלויזט.

און אף דער טריבונע, צווישן אומבאקאָנטע מענטשן, שטייט א מענטש.

— ער!

צי דען קען איך אים ניט טייקעף דערקענען?

א פעסטער. א שטאָטישער מאנטל. די הענט אין די קעשענעס. א היטל.

ער שטייט ווי א מענטש, וועמען מע שרײַט „הורא“ און וועלכער קען ניט אין דעמדאָזיקן געשריי נעמען קיין אָנטייל.

ער שטייט גרויסמוטיק און פּאַשעט.

ער שמייכלט און וואַרט געדולדיק.

און די מענטשן אין די רייען שרייַען און ווילן זיך ניט אָפּשטעלן און ציִען דעם „הורא“ ווי א טפילע, און די טפילע וואַקסט און דער גייַסט פון דער גרעסטער אופלעבונג הערשט איבער דעמדאָזיקן הייַפל און איבער דעמדאָזיקן מענטשן אין דעם אומבאַקאַנטן האַלב באַלויכטענעם צירק.

און איך הער, אז איך שרייַ אויך. איך עפן ניט דעם מויל, ווי מע דאַרף, עס זאָלן זען די אנדערע, אז איך שרייַ, און איך טראַכט ניט קיין שום שלעכטס, נאָר מיט מייַן גאַנצן וועזן שרייַ איך, ווייַל עס שרייַט זיך, ווייַל איך קאָן ניט ניט שרייַען, ווייַל איך האָב פאַרגעסן אַלץ, ווייַל עס רייַסט זיך פון מייַן וועזן עפּעס אַזוינס, וואָס מע קאָן ניט איינהאַלטן, עפּעס סטיכעיִשעס, וואָס פאַרטונקלט דעם סייכל און ציט די נעשאָמע, און עפּעס אַן אומבאַוווסטע קראַפט כאַפּט אויף און טראָגט. און עס דאַכט זיך, אז עס איז גאָרנישט ניטאָ, נאָר א געפיל פון א פאַרכאַפּנדיקער ראַכוועס, פון א ניטגעצוימטער ברייט און אומבאַגרענעצטער פרייד...

איך לויף צו נעענטער צו דער טריבונע, וווּ עס שטייט דער קאָמאַנדיר, וואָס האָט אָנגעהייבן זינגען די טפילע—„הורא“.

איך זע גאָר נאָענט פון זיך א גוטן, פּאָשעטן פּאָנעם. א פּאָנעם, וואָס שמייכלט צו מיר, און אויגן, וואָס ברענען מיט צאַרטקייַט און ליבע...

דערנאָך האָט מען פון טריבונע אָנגעהייבן פאָכן מיט די הענט, מע זאָל אופהערן שרייַען. עס האָט א פּאָך געטאָן דער קאָמאַנדיר און אַרייַנגעלייגט דעם שווערד אין שייד,—די ווילדע טפילע האָט מען אופגעהערט.

און דאַן האָט דער מענטש אין מאַנטל אָנגעהייבן ריידן.

איך געדענק ניט קייַן איין וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט דעמאָלט געזאָגט. און אין דערזעלבער צייַט ווייס איך, אז יעדער וואָרט, וואָס איך האָב דעמאָלט געהערט, טראָג איך אין זין.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

[1] . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## XIX

אַרויסגייענדיק פון צירק אין גאַס, זע איך אין העלן שייַן פון דער גרויסער עלעקטרישער זון, גלייַך אַנטקעגן מיר אַן אווטאָמאָביל און רעכטס און לינקס אַן אוילעם, וואָס ווערט אייַנגעהאַלטן פון די רויטגוואַרדייער, און

[1] די צוויי שורעס פּינטעלעך זייַנען אַרייַנגעשטעלט באַם אווטער אין מאַנוסקריפּט (וו.ב.־ב.)

צווישן דעם אוילעם אומבאקאנטע, פרעמדע מענטשן זע איך די אויסגעצוי־גענע פיזיאָנאָמיעס פון אונדזערע יאטן.

איך גיי אָפּ אָן א זייַט און אלע גייען נאָך מיר.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . (1

איך וועל ניט קענען געניי איבערגעבן דעם צושטאנד, אין וועלכן איך האָב זיך דעמלט געפונען, ווייַל דאָס איז געווען א צושטאנד פון עפּעס גאָר אומבאקאנטעס און אויסערגעוויינלעכעס. דאָס איז געווען א צושטאנד פון עפּעס א גרויסער פרייד, פון עפּעס געפונענעם און א צושטאנד פון אן אוי־סערגעוויינלעכער גייַסטיקער אָנשטרענגונג, פון א גוואלדיקער אינערלעכער קראפט, וואָס איז פּעיִק אף אלץ. און איך האָב געוווּסט און געזען—באלד דערהארגע איך אים. געוווּסט, אז באלד וועל איך אים דערהארגענען, און ס׳איז ניט געווען קייַן שום שרעק און וואקלעניש.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . (2

איך גיי אָפּ אָן א זייַט—און איינער נאָכן אנדערן גייען אלע נאָך מיר.

די היגטערגעסלעך פון צירק. אין די שניי־קופּעס זייַנען שטעגעלעך. די מענטשן, וואָס ווארטן אָנגעשטרענגט, ציִען אויס די העלדזער צו מיר.

און איך רייד און מייַן שטים איז פעסט.

— באלד וועלן מיר אים ליקווידירן. פון רעוואָלווער קאָן מען אויך ניט טרעפן און ווארפן א באָמבע באם ארייַנגאנג אין צירק איז אומבאקוועם—מיר וועלן אומזיסט דערהארגענען אסאך מענטשן. מיר וועלן אים אָפּשטעלן און דערהארגענען אפן בריק איבער מויקע. דעמדאָזיקן בריק קאָן ער ניט אויס־מייַדן. איך וועל דאָס אליין טאָן. נאָר מע דארף פארהאלטן דעם אווטאָמאָביל און מע טאָר אים ניט פארשלאָפן. דערפאר דארפן מיר פאנאנדערשטעלן פּאָסטנס אין פארשיידענע ערטער אף די ראָגן פון וועג, קעדיי דער ערשטער, וואָס וועט באמערקן, ווי ער זעצט זיך ארייַן, זאָל געבן א סיגנאל דעם צווייטן, דער צווייטער דעם דריטן, קעדיי מיר זאָלן אפן בריק ניט פאר־שלאָפן און ניט האָבן קייַן טאָעס. מאקס, דער קאפּיטאַן און סיאָמע זייַנען מיט מיר,—די איבעריקע וועלן מיר פאנאנדערשטעלן ווי אויסשפירער? אזוי?

— מאסקים.

און אויך דער קאפּיטאַן איז פולשטענדיק מאסקים.

יאָ אזוי וועט זייַן דאָס מאמע בעסטע. איז לאָמיר ניט פארלירן קייַן צייַט.

---

(1 די צוויי שורעס פּינטעלעך זייַנען ארייַנגעשטעלט באם אווטער אין מאנוסקריפּט (באם. פון ה. ב.־ב.).

(2 דידאָזיקע פּינטעלעך זייַנען ארייַנגעשטעלט באם אווטער אין מאנוסקריפּט.

מע האָט זיך געלאָזן גיין איינער נאָכן אנדערן. אומבאמערקט.

קאפּיטאָניטש—באם אווטאָמאָביל.

דער מאטראָס—אפן ערשטן ראָג.

דער טעכנאָלאָג—ווי נאָר דער אווטאָמאָביל וועט ארויס פון ראָג.

דער קאפּיטאן און סיאָמא—באם בריק.

איך און מאקס אפן בריק.

— דער קאפּיטאן און סיאָמא וועלן סיגנאליזירן מיט א לאמטערן.

— אויב אזא סיגנאליזאציע וועט צוליב עפּעס ניט פּאָרקומען, און דער קאפּיטאן וועט דערזען דעם אווטאָמאָביל פארבייפאָרנדיק און הינטן ווערט ער באמערקן זיין נומער 4647—זיין אווטאָמאָביל,—וועט דער קאפּיטאן שיסן, און דאָס וועט זיין א צווייטער סיגנאל צו דעם, אז דאָס איז זיין אווטאָמאָביל.

— דעמלט ווארף איך זיך מיט מאקסן איבערשניידן דעם וועג. מאקס דארף פארהאלטן דעם אווטאָמאָביל אום יעדער פּרייז, איך—ווארפן א באָמבע אָדער גלייך שיסן. דירעקט אין אווטאָמאָביל.

— גלענצנד, בעסער דארף מען ניט!

און דאָס נעכטעלע, דאָס נעכטעלע! וועסט בעסער ניט צו טראכטן. טו, וואָס דו ווילסט. טרעט אָפּ צוויי שריט—און דו ביסט ניטאָ. מע זאָל נאָר ניט פארשלאָפן דעם אווטאָמאָביל. מירן ניט פארשלאָפן.

## XX

נעפּל, נעפּל, נעפּל!

דער הימל איבערן קאָפּ.

אין נעפּל גייען מענטשן. אין נעפּל גייען מיט אָנגעשטרענגטע שריט מענטשן, אנטשיידענע און דרייסטע, גרייטע אף אלץ, מענטשן, וואָס האָבן פארטראכט עפּעס בלוטיקס.

דעם קאפּיטאנס באשליק באוויַזט זיך און פארשווינדט. דער קאפּיטאן וועט ניט אָפּלאָזן. דער קאפּיטאן וועט ניט א טרייסל טאָן מיט קיין איין נערוו. דער קאפּיטאן וועט גיין נאָך די שפּורן. דער קאפּיטאן וועט נעמען מיט א טויט־כאפּ—דער ווונדערבארער קאפּיטאן.

---

מויקע. דער בריק. ניט קיין גרויסער, א הויקערדיקער. רעכטס און לינקס—טינט פון ניטפארגליווערטן וואסער.

איך שטעל אוועק מאקסן אין אָנהויב בריק. אליין גיי איך אפן מיטן, נעענטער צום צווייטן עק—א צוואנציק טריט וויַטער. דאָס איז אויסגערעכנט אף דעם, אז דער אווטאָמאָביל וועט זיך ניט אָפּשטעלן גלייך און וועט א באַ־

שטימטן מעהאלען פֿאָרן ווינטער. אָדער אויב מאקס וועט צוליב עפּעס דעם אווטאָמאָביל ניט אָפּהאלטן, וועל איך ארויסשפּרינגען אים אנטקעגן, אינטערלאַמטערן און ווארפן די באָמבע.

---

אלץ איז פֿאַרויסגעזען—ער וועט זיך ניט ארויסדרייען. מיר האנדלען ווי אווטאָמאטן. אין דער נעשאָמע איז א פעסטקייט—באלד דערהארגע איך אים.

---

ענדלעך בין איך איינער אפן בריק.
ער קאָן ניט לאנג, ער וועט באלד פֿאָרן.
ער וועט דעמדאָזיקן בריק ניט אויסמײַדן.
מע זאָל נאָר ניט פֿארשלאָפן!

---

דער בריק, שניי, נעפּל און טינט פון וואסער. אָט איז דאָס לעצטע. וואָס פֿארשווענקט עס אזוי מיט ליכט? וואָס טיילט עס פֿאנאנדער דעם נעפּל און דרינגט דורך אין דער ווײַטקייט? איך זע אלץ מיט עפּעס א גרויסן געפיל, מיט א שרעקלעכער אָנגעשטרענגטקייט פון באוווסטזײַן. אָט קומט דאָס לעצטע און איך נעם אים...

---

פֿלוצלונג האָבן זיך פֿײַערדיקע פינגער צעלייגט אפן וועג.
א פֿארמאכטער?
זײַנער?
איך טאפּ אָן די באָמבע און לויף פֿאָרויס.
פֿארוואָס איז ניטאָ קיין סיגנאל? הייסט עס ניט דער?
און דער אווטאָמאָביל איז שוין לעבן מיר. אָט גייט ער פֿארבײַ.
יע, אין אווטאָמאָביל איז קיינער ניטאָ. און אויך דער נומער איז ניט זיער.

## XXI

איך גיי ווידער פּאזע דעם צוים. עס ציִען זיך סעקונדעס, ווי אייביקייטן. און אייביקייטן פֿליִען ווי סעקונדעס, אָדער האָט זיך עס פּאָשעט אָפּגעשטעלט די צײַט?

פֿארוואָס איז אזוי לאנג ניטאָ דער אווטאָמאָביל? קאָן זײַן, ער איז אוועק מיט אן אנדער וועג?

אין דער פינצטערקײַט און אין נעפּל זע איך, ווי סיאָמעס וואכנדיקע פּי־גור גייט צו צו מאקסן.

— גיבן זיך עפּעס איבער לויט דער קייט,—טראַכט איך,—אַזוי פּלעגט זײַן באַדערנאַכט אָף דער אויסשפּירונג, ווען דו פּלעגסט ליגן אין קייט, אין דער פֿינצטערניש אונטער די דײַטשישע אָקאָפּעס—פּלעגט זיך אויך אַזוי באַווײַזן אין דער פֿינצטערניש די וואַכנדיקע פֿיגור סיאָמעס.

מאַקס קומט צו.

— וואָס הערט זיך?

— דער אויטאָמאָביל איז נאָך אָפֿן אָרט. ער וועט באַלד פֿאָרן.

— נו, וואָס? זאָל ער זיך שוין גיכער רירן.

און ווידער פֿאַרלירט זיך מאַקס אינעם נעפּל.

נעפּל, נאַכט, מינוטן—אייביקייטן.

נאָר וואָס האָט זיך צעלייגט דאָרט פֿײַערדיקס איבערן פּלאַץ? דאָס איז יענער אויטאָמאָביל. מעגן קיינע לאַמטערן־סיגנאַלן ניט זײַן, — איך ווייס—דאָס איז יענער!

דער אויטאָמאָביל האָט פֿאַרקערעוועט צום בריק.

אַהער!

עמיץ לויפֿט נאָך אים.

דער אויטאָמאָביל איז באַם בריק

אָפֿן בריק.

די לאַמטערנעס האָבן זיך צעלייגט אָפֿן בריק. אָט איז מאַקס, איך זע אים אין ליכט פֿון די לאַמטערנעס.

ער פֿאָכט מיט די הענט.

אָט שוין!

דער אויטאָמאָביל גייט—מיט אַ באָמבע, נאָר מיט אַ באָמבע.

איך וואַרף זיך פֿאָרויס—דער אויטאָמאָביל גייט לאַנגזאַם.

איך ריר אים קימאַט אָן.

ער איז אין אויטאָמאָביל.

ער קוקט, אין דער פֿינצטערניש זע איך די אויגן זײַנע.

אַ באָמבע.

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . .[1]

נאָר פֿאַרוואָס גייט דער אויטאָמאָביל אַוועק, און די באָמבע איז אין די הענט?

---

[1]) די צוויי שורעס פּינטעלעך זײַנען אַרײַנגעשטעלט באַם אויטער אין מאַנוסקריפּט. (באַם. פֿון וו. ב.־ב.).

מאקס, סיאָמע, דער קאַפּיטאַן — די נאַכט א פינצטערע — די באָמבע אין מײַנע הענט!

אָט זע איך און איך ווייס, אַז די באָמבע איז אין מײַנע הענט און דער אויטאָמאָביל גייט אוועק, און אַז מע דאַרף די באָמבע וואַרפן. און איך פיל די גאַנצע שרעק פון דעם, וואָס איך טו עס נישט און קאָן עס נישט טאָן, פּונקט ווי עמיץ וואָלט געבונדן מיר די הענט און די פיס.

פּונקט ווי ס'וואָלט פּלוצלינג די גאַנצע ערד, דער גאַנצער הימל, אַלע מענטשן, אַלע הײַזער מיר מיט א שרעקלעכער קראַפט געבונדן מײַנע הענט מיט אײַזן, מיך אָנגעכאַפּט מיט טויזנטער קראַבן־פינגער, און איך שטאַרק זיך אומענטשלעך און קאָן נישט צערײַסן, און קאָן נישט פאַנאַנדערנעמען, אַרויסגיין פון דער פאַרגליווערונג.

פּלוצלונג א שאָס.

עס שיסט דער קאַפּיטאַן! דער קאַפּיטאַן גיט א סיגנאַל! דער קאַפּיטאַן וועט נישט אָפּלאָזן.

דער קאַפּיטאַן האָט געהאָלפן. דעם קאַפּיטאַנס שאָס האָט א שטויס געטאָן. דער שאָס האָט געטראָפן.

און מיטאַמאָל איז די נאַכט און דער נעפּל און דער אוועקגייענדיקער אויטאָמאָביל דורכגעדרונגען מיט דער שרעק פון דעם, וואָס איך האָב געטאָן.

און ווידער א שאָס דעם קאַפּיטאַנס, און איך הער, ווי די קויל האָט געטראָפן אין... פאָדערטייל פון אויטאָמאָביל. דער קאַפּיטאַן שיסט.

וואָס האָב איך אָפּגעטאָן. איך האָב די באָמבע נישט געוואָרפן!

— מאַקס טײַערער, העלף אַרויס.

מאַקסן איז נישט צו זען.

איך כאַפּ אַרויס דעם נאַגאַן און שיסנדיק לויף איך נאָכן אויטאָמאָביל.

וואָס איז דאָס? דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט! איך גלויב נישט מײַנע אויגן.

אָניאָגן און וואַרפן די באָמבע!

איך לויף...

אָבער ניין, דער אויטאָמאָביל האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. דאָס האָט פּאַשוטע דער געשיקטער שאָפער פאַרקערעוועט די מאַשין אין א געסל... [1]

---

[1]) צום סאָף פון מאַנוסקריפּט איז אַן אייגנהאַנטיקער אונטערשריפט פון אויטאָר פון די זיכרוינעס. דער אָריגינאַל פון מאַנוסקריפּט איז אינגאַנצן אָנגעשריבן מיט דער האַנט פון הויפּט־אָנטיילנעמער אינעם אַטענטאַט, דעם אויטאָר פון דידאָזיקע זיכרוינעס.

# דער צווייטער אטענטאט אף וו. אי. לענין.

(אין מאָסקווע, דעם 30־טן אווגוסט 1918 יאָר).

I

שרײַבן וועגן דעם, וואָס האָט שיר ניט צוגענומען בא דער גאנצער אונטערגעדריקטער וועלט, בא דער גאנצער פּארוואָרלאָזטער עקספּלואטירטער מענטשהײַט זייער בעסטן פרײַנט, פּארטיידיקער און פירער, דעם אומדערמידלעכן, ניטשוויַיגנדיקן קעמפּער, וואָס האָט גערופן אלע אונטערדריקטע צום אופשטאנד קעגן זייערע אונטערדריקער, קעגן די הענקער פון די ארבעטנדיקע און באַלעסטיקטע,—איז ניט גאָר שווער צו שרײַבן, נאָר אויך שרעקלעך...

די זיכרוינעס וועגן דידאָזיקע טרויעריקע געשעענישן, וואָס זײַנען נאָך ניט, ווי ס'איז נויטיק דורכגעפּילט געוואָרן פון דער גאנצער וועלט, איז—ווייניק צו זאָגן—זיי באומרויִקן, זיי דריקן די נעשאָמע, און דער צעניאָריקער פּעריאָד פון דער אלץ אויסהיילנדיקער צײַט איז צו דין, קעדיי צו דערלויבן אָן א ווייטעק זיך צורירן צו דערדאָזיקער שטערבלעכער וווּנד פון דער לײַדנדיקער מענטשהײַט... אָבער דער, וואָס האָט באלויכטן די וועלט מיט א נײַער ווירקלעכקײַט, ווער עס האָט, ניט געקוקט אף דער אומענדלעכער, ווי ס'האָט זיך געראכט, אומבאזיגלעכער ריי שטערונגען, אָנגעצונדן דעם אלוועלטלעכן אופשטאנד פון אלע אונטערגעדריקטע, געהערט שוין דער געשיכטע, ווײַל ער אליין איז דער זעלטנסטער און טײַערסטער קאפּיטל אין דער געשיכטע פון יאָרטויזנטער. אלע די, וואָס האָבן געהאט דעם אומפּארגלײַכלעכן גליק זיך צו באגעגענען מיט אים, האָבן, ווי איך מיין, ניט נאָר דאָס רעכט, נאָר זײַנען מעכויעוו צו פּארשרײַבן אלץ, וואָס זיי געדענקען, וואָס זיי ווייסן וועגן אים, ווײַל עס וועט קומען א צײַט, ווען זײַן לעבן וועט מען שטודירן, ניט נאָר יאָר נאָך יאָר, נאָר טאָג נאָך טאָג, און יעדער וואָרט, וואָס איז ארויס פון זײַנע ליפּן, יעדער דאָקומענט וועגן זײַן לעבן, וועגן זײַנע ארבעטן און וועגן די געשעענישן, וואָס זײַנען מיט אים פּארבונדן, וועלן זיין נייטיק און וויכטיק דער מענטשהײַט, ווי נייטיק און וויכטיק עס איז די שײַן, וואָס קומט פון דער זון.

II

— וואָס זאָל דאָס באַטײַטן,—האָט צו מיר געזאָגט מײַן פּערצניאָריקע טאָכטער לעליא, באַגעגענענדיק מיך אין קאָרידאָר פון דער דירע—אָקערשט האָט געקלונגען אַנא פּעטראָווונא [1]) און געבעטן צושיקן אַ באַנדאַזש, זי זאָגט— איבערבינדן אַ ווונד וולאַדימיר איליטשן...

איך האָב געוווּסט, אַז וולאַדימיר איליטש איז אַרויסגעפאָרן אויף אַ מיטינג, אַז ער איז ניטאָ אין דער געבײַדע פון ראַטספאָלקאָם, פונוואַנען איך בין עט־לעכע מינוט צוריק אַרויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען אַזייגער זעקס אין אָוונט.

איך האָב זיך אָקערשט אומגעקערט אַהיים אויף אָפּרוען זיך אַ ווײַלע פון אַן אַרבעט און נאָך ניט באַוויזן צוצוגיין צום טעלעפאָן, קעדיי זיך נאָכצופרעגן וועגן דער טאָכטערס ווערטער, ווי עס האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ קלונג פון טעלעפאָן, נאָך אים אַ צווייטער און אַ דריטער... אומרויִק, אומרויִק...

איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צום טעלעפאָן־טרײַבל.

— גיכער! גיכער! אַן אומגליק...—האָט עמיץ געשריִען אין טעלעפאָן מיט אַ צעקאַליעטשעטער, וויינענדיקער שטים.

— פאַרוווּנדעט, דערהאַרגעט?.

— פאַרוווּנדעט, פאַרוווּנדעט...

— וולאַדימיר איליטש?...

— יע,—האָט געשריִען דער כאַוועֶר גיל, וולאַדימיר איליטשס שטענדיקער שאָפער.—גיכער! גיכער!

איך האָב געוואָרפן דאָס טרײַבל. עס האָט מיך באַהערשט אַ פאַרגליווערטע רויִקײַט, ווי איך פלעג דאָס ניט איין מאָל דערשפּירן אין מינוטן פון אַ באַ־זונדערס שווערער געפאַר.

אַ כאַפּ געטאָן ווערא מיכײַלאָווונאַס [2]) שטוביקן אַפּטייקל, יאָד, באַנדאַזשן און עפּעס וואָס אופּרעגנדיקס, געזאָגט די שטוביקע, אַז וולאַדימיר איליטש איז פאַרוווּנדעט און מע זאָל וואָס גיכער קלינגען,— מע האָט געזוכט ווערא מיכײַלאָווונאַן—האָב איך זיך גיב אַרויסגעוואָרפן פון שטוב.

אין מויעך האָט געברענט, ווי אַ ליכט, איין געדאַנק: וואָס איז מיט אים?

אַרויסגעלאָפן אויף דער פאַלאַץ־גאַס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן:

— עס זאָל נאָר ניט זײַן קיין אָנפאַל אויפן קרעמל! אוריצקי. איליטש...

---

[1]) אַנא פּעטראָווונא קיזאַס, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פאַרוואַלטונג מיט איניאָנים פון ראַטספאָלקאָם קימאַט פון ערשטן טאָג, זינט די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין פּעטראָגראַד.

[2]) וו. מ. וועליטשקינא־באָנטש־ברויעוויטש, מיטגליד פון קאָלעגיע פון פאָלקאָמגעזונט, אַ דאָקטער, געשטאָרבן דעם 30 סעפּטעמבער 1918 יאָר.

איך בין רויִק אַרײַנגעקומען אין דער קאָמענדאַנטור, אַרויסגערופן דעם קאָמענדאַנט כאַווער מאַלקאָוו אין אַ באַזונדערן צימער און פאַראָרדנט:

— ברענגען אַלע קאַראַולן פון קרעמל און אַלע רויטאַרמייער אין קאַמף־גרייטקייט. פאַרשטאַרקן די וואַך... אַ קעסיידערדיקע דעזשורסטווע בײַ אַלע טויערן, אַפן וואַנט, בײַ די אַרײַנגאַנגען אין ראַטפאָלקאָם און אין וו.צ.ע.ק. אי ל י ט ש איז פאַרוווּנדעט, האָב איך אים צוגעגעבן.

— וואָס?—האָט אויסגעשריִען דערדאָזיקער מאַטראָס, וואָס האָט זיך שוין אַסאַך אָנגעזען, און זיך אַ וואַקל געטאָן.

— פאַרוווּנדעט... נעמט זיך טאָן... גיך...

כאַווער מאַלקאָוו האָט זיך באַהערשט, און איך האָב נאָך ניט באַוויזן אַרויסצושפרינגען פון דער קאָמענדאַנטור, ווי עס האָבן זיך שוין צעקלונגען די טעלעפאָנען, וואָס האָבן געבראַכט אין באַוועגונג דעם גאַנצן גאַרניזאָן פון קרעמל.

אַרײַנגעלאָפן אין וולאַדימיר איליטשס קלײנער דירע, האָב איך קוידעם־קאָל דערזען מאַריאַ איליִנישנאַ, וואָס איז אַרומגעלאָפן פון איין צימער אין צווייטן און זייער נערוועז, אופגערעגט איבערגעכאַזערט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס? ביזוואַנען וועט מען דאָס דולדן? שוין־זשע וועט אויך דאָס זײַ אַראָפגיין גלאַט?

— שטאַרקט זיך, מאַריאַ איליִנישנאַ,—האָב איך צו איר געזאָגט און, באַ־געגענענדיק זיך מיט איר בליק, פאַרשטאַנען דאָס גאַנצע דערשיטערנדיקע ליידן, וואָס איז אָנגעשריבן אין אירע אָנגעשטרענגטע אויגן.—רויִקייט פריִער פאַר אַלץ... מיר וועלן אים ווידמען אונדזער גאַנצע אופמערקזאַמקייט...

דאָ גופא, אָנגעשפאַרט אָן וואַנט, האָט שטיל געוויינט אַנאַ פעטראָוונאַ. איך האָב איר שטרענג געזאָגט, אַז וויינען טאָר מען ניט, אַז דאָס פאַרערגערט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע טרויעריקע, גרויסע אויגן און שטיל, ווי אַ קליין מיידעלע, געשעפטשעט:

— באַלד, איך וועל ניט...—און זיך צעוויינט.

אין אַ פופצן מינוט אַרום איז זי געווען רויִק און פעסט אויסגעפילט אַלץ, וואָס איז איר באַאופטראָגט געוואָרן.

וולאַדימיר איליטש איז געלעגן אויף דער רעכטער זײַט, אין דער צווייטער בעט, וואָס איז געשטאַנען אין שכייניסדיקן צימער, נאָענט צום פענצטער און שטיל, שטיל געקרעכצט... זײַן פּאָנעם איז געווען בלייך. דאָס צעריסענע העמדל האָט אָפּגעדעקט זײַן ברוסט און די לינקע האַנט, אויף וועלכער עס האָבן זיך געזען צוויי קליינע וווּנדן אויף דער פלייצע־ביין. ער אַליין איז געווען האַלב אָנגעטאָן, אָן אַ פּידזשאַק, אין די שיך... פון וולאַדימיר איליטשס צווייטער זײַט, מיטן רוקן צום פענצטער, איז געשטאַנען כאַווער אַ. נ. ווי נ אָ ק ו ר אָ וו,

וואָס איז פריִער פון אנדערע געקומען אַף דער זיצונג פון ראטפּאָלקאָם און וואָס איז, דערוויסנדיק זיך וועגן אומגליק מיט וולאדימיר איליטשן, טייקעף געקומען צו אים אַף דער דירע. וועלכע האָט זיך געפונען אפן זעלבן שטאָק, נאָענט פון ראטפּאָלקאָם.

איך האָב פאָרגעלייגט טייקעף צו באשמירן די עפענונגען פון די ווונדן מיט יאָד, קעדיי צו פארהיטן פון אן אויסערלעכער אָנשטעקונג, און באווער וויניאָקוראָוו האָט עס אויך טייקעף געטאָן.

איך בין געשטאנען פון זייַט פון וולאדימיר איליטשס פּאָנעם. ער האָט געעפנט די אויגן, טרויעריק א קוק געטאָן אַף מיר און געזאָגט:

— ס׳טוט וויי, ס׳טוט וויי דאָס הארץ... ס׳טוט זייער וויי דאָס הארץ.

— אייַער הארץ איז ניט אָנגערירט... איך זע די ווונדן... זיי זייַנען אפן האנט און גאָר... דאָס איז אן אָפּגערופענער נערוון־ווייטיק...—האָב איך אים געזאָגט און אָנגעשטרענגט זיך צו זייַן רויִק.

— מע זעט די ווונדן? אפן האנט?

— יע...

— און דאָס הארץ?... ס׳איז וויַיט פון הארץ? דאָס הארץ קאָן ניט זייַן אָנגערירט?...

און ער איז שטיל געוואָרן, פארמאכנדיק די אויגן. אין א מינוט ארום האָט ער שטיל, אייַנגעהאלטן געגומען קרעכצן, פּונקט ווי ער וואָלט מוירע געהאט עמיצן צו באומרויִקן.

— און פארוואָס פּייַניקן זיי. וואָלטן זיי דערהארגעט מיטאמאָל...—האָט ער שטיל געזאָגט און איז אנטשוויגן געוואָרן, פּונקט ווי ער וואָלט אייַנגעשלאָפן. דער פּאָנעם איז געוואָרן נאָך בלייכער און אפן שטערן האָט זיך באוויזן אן אָפּשייַן, א געלבלעכער ווי וואקס.

— ער זאָל נאָר ניט שטארבן...—האָט זיך דורכגעטראָגן אין מייַן קאָפּ.

איך האָב זיך א וואָרף געטאָן אין שכיינעסדיקן צימער צום טעלעפאָן און געקלונגען אהיים...

עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ווערא מיכייַלאָווגא איז נאָר וואָס ארייַן. מע האָט איר געזאָגט, אז וולאדימיר איליטש איז פארוואונדעט, האָט זי טייקעף א כאפּ געטאָן עפּעס אין אַפּטייקל און זיך געלאָזן לויפן צו וולאדימיר איליטשעס דירע.

איך האָב דערפילט, אז די ערשטע הילף וועט געגעבן ווערן, און אָנגעקלונגען אין מאָסקווער סאָוועט, און געבעטן דעם דזשורנעם מיטגליד און די כאווירים, וואָס זייַנען דאָרט צופעליק פאראן, טייקעף פאָרן נאָך דאָקטוירים. אופגעקלערט דורכן טעלעפאָן: ס׳איז טייקעף נייטיק אָבוך, ווייַסבראָד און נאָך א כירורג. בזא די כאווירים איז קיין אוטאָמאָביל ניט געווען, זיי זייַנען

אַלע געווען אין וועג צו די מיטינגען. איך האָב ארויסגעשיקט עטלעכע אווטאָמאָבילן פון דער אווטאָבאזע פון ראטספאָלקאָם צום מאָסקווער סאָוועט. דריי אווטאָמאָבילן און מאָטאָציקליסטן האָב איך ארויסגעפאָדערט אף דזשורסטווע אין קרעמל צום טויער פון ראטספאָלקאָם. צו דערדאָזיקער צייט האָט אָנגעקלונגען כאווער ס א ד אַ וו ס ק י. איך האָב אים געבעטן אף יעדן פאל טייקעף ברענגען קישנס מיט זויערשטאָף, אויסזוכן דאָס אין די מאָסקווער אפטייקן. בא אונדז אין קרעמל איז נאָך ניט געווען אָרגאניזירט קיין מעדיצינישע הילף: ס'איז ניט געווען ניט קיין אפטייק, ניט קיין שפיטאָל, און נאָך אלץ האָט מען געדארפט שיקן אין שטאָט. דערנאָך האָט אָנגעקלונגען יא. מ. סווערדלאָוו, וועמען ס'האָט אָקאָרשט עמיץ מיטגעטיילט בעפולדיקע יעדיעס וועגן פארוווּנדן וולאדימיר איליטשן. איך האָב אים דערציילט, וואָס איך האָב אונטערגענומען און געבעטן געפינען נאָך א כירורג. ער האָט מיר געענטפערט, אז ער וועט טייקעף שיקן נאָכן דאָקטער מינץ.

אין דער צייט איז געקומען צו לויפן ווערא מיכיילאָוונא, און ווען איך בין מיט איר אריין צו וולאדימיר איליטשן, האָב איך אין אים באמערקט א שטארקע ענדערונג צו ערגערס. ער איז געווען אָן באוווסטזיין. דער פּאָגעם איז געוואָרן טויט־בלייך און האָט זיך באדעקט מיט עפּעס א מאטאָווער ערד־פארב.

ווערא מיכיילאָוונא האָט מיר געזאָגט, אז פון שרעקלעכן ווייטעק קאָן בא אים זיין א קאָליאפּס, ד. ה. עס קען זיך אָפּשטעלן דאָס הארץ,—און ס'איז נויטווענדיק טייקעף איינשפּריצן מאָרפי. איך האָב געוואָלט לויפן נאָך מאָרפי און נאָך א שפּריצער, אָבער ווערא מיכיילאָוונא האָט אָנגעקלונגען אהיים, ארויסגערופן צום טעלעפאָן אונדזער טאָכטער לעליא, דערציילט איר, ווו זי זאָל אין איר פּריוואטן אפטייקל נעמען דאָס פלעשל מיט מאָרפי און א שפּריצער און איר געהייסן לויפן וואָס גיכער צו וולאדימיר איליטשס דירע. אין עטלעכע מינוט ארום האָט שוין ווערא מיכיילאָוונא איינגעשפּריצט וולאדימיר איליטשן אין פוס מאָרפי און אויסגעהערט דעם פּולס. דערוווסט זיך, אז עס זיינען ארויסגערופן כירורגן, האָט זי געצייצעט וולאדימיר איליטשן ניט רירן און נאָר לויט דער מעגלעכקייט אים אָפּפּרישן, אראָפּנעמען בא אים די שיך און, אף וויפל עס איז מעגלעך, אים אויסטאָן. געשען איז אזוי, אז איבערגעבנדיק איינער דעם אנדערן א גאנץ גרויסע פלאש מיט ספּירט־עסענץ, האָט מען זי אראָפּגעוואָרפן און צעבראָכן. דער צימער האָט זיך גיך אָנגעפילט מיטן גערוך פון ספּירט. איך האָב גיך גענומען אויסווישן די פאנאנדערגעגאָסענע פליסיקייט, וואָס איז אוועק אונטער וולאדימיר איליטשעס בעט, און ער האָט זיך פלוצלונג אופגעכאפּט און געזאָגט:

— אָט איז גוט...—אָפּגעאָטעמט און איז ווידער אנטשוויגן געוואָרן.

דער ספירט האָט, ווי עס ווײַזט אויס, אים אָפּגעפרישט און דער מאָרפי האָט אביסל געשטילט דעם ווייטיק.

אין דער צײַט איז געקומען צופאָרן ווײַסבראָד. ווײַסבראָד האָט גיך אראָפּגעוואָרפן דעם פידזשאק און האָט פלינק זיך גענומען גרייטן ארומקוקן וולאַדימיר איליטשן. נאָר דאָ איז אריַין פראָפעסאָר מינץ. ער איז, ניט באַגריסנדיק זיך מיט קיינעם, ניט פארלירנדיק קיין איין מינוט, ווי א מאכט־האָבער גלײַך צוגעגאנגען פון דער זײַט צו וולאדימיר איליטשן, א קוק געטאָן, פארבײַגייענדיק אין פּאָנעם און אָפּגעהאקט געזאָגט:

— מאָרפי...

— ארײַנגעשפריצט,— האָט געענטפערט ווערא מיכײַלאָווגא.

מינץ איז שוין געווען אָנגעטאָן אינעם ווײַסן מעדיציניִשן כאלאט. ער האָט אָפּגעמאָסטן עפּעס מיט די הענט, אָפּלייגנדיק אינדערלויפטן מיט ביידע צײַגפינגערן די שטרעקע צווישן די ווונדן אף וולאדימיר איליטשעס האנט, זיך אף א מינוט פארטראכט און מיט גיכע, פלינקע פינגער גענומען באטאפּן וולאדימיר איליטשן, און אף זײַן פּאָנעם האָט מען געקענט איבערלייענען פארוונדערונג. אין צימער איז געווען א טויטע שטילקײַט. אלע האָבן געוואַרט, ווי צוגעמישפּעטע צום טויט, אפן לעצטן וואָרט פונעם שרעקלעכן אורטייל. ווען־ניט־ווען האָט מען נאָך געהערט דעם פראָפעסער מינצס ווערטער:

— איינע אין האנט...

— ווו איז די צווייטע?...

— גאנץ, גאנץ...

— די גרויסע אָדערן זײַנען ניט אָנגערירט...

— די אנדערע איז ניטאָ...

— ווו איז די אנדערע?...

פלוצלונג האָט זײַן פּאָנעם ווי עפּעס אויפגעלויכטן, ער האָט אליין זיך אָפּגעדוקט, שרעקלעך בלייך געוואָרן און גענומען טאפּן מיט אלע זײַנע דינע, פלינקע פינגער ארום וולאדימיר איליטשעס האלדז.

— אָט איז זי...— האָט ער אָנגעוויזן אף דער אנטקעגנדיקער, רעכטער זײַט האלדז, אלץ איז שטיל געוואָרן... די דאָקטוירים האָבן זיך איבערגעקוקט אין פארלעגנהײַט. ס'איז אנטשטאנען א שרעקלעכער, לאנגדויערנדיקער אויסמאטערנדיקער שטיל־שווײַגן... אלע האָבן אָן רייד פארשטאנען, אז געשען איז עפּעס שרעקלעכס, וואָס איז, קאָן זײַן, ניט אויסצובעסערן... מינץ האָט דער ערשטער, אין א מינוט ארום, וואָס האָט אויסגעזען ווי אן אייביקײַט, זיך אויפגעכאפּט.

— די האנט אף קארטאָן... ניטאָ קיין קארטאָן?...

איך האָב געבראַכט צו שלעפן גיט קיין גאָר דיקן אײַנבונד־טאָוול פון א קאנטאָר־בוך און א בויגן קאַרטאָן, וואָס איז צופעליק געווען אין דער פאַרוואַלטונג מיט די ראַטספּאָלקאָם־איניאָנים.

מינץ האָט גיך אויסגעשניטן אַן אונטערבעט פאַרן האַנט און אוועקגעלייגט אַף איָם די פאַרווונדעטע האַנט.

— אַזוי וועט גרינגער זײַן... אַן אָנשפּאַר פאַר דער האַנט... בעסער... דער ווייטיק וועט קלענער זײַן...

און ווען ער האָט אופגעהויבן דידאָזיקע אָפּגעמאַטערטע האַנט, וואָס האָט באַוויזן איר בוילעטן בראָך, און וולאַדימיר איליטש האָט שטיל אָנגעהייבן קרעכצן,—איז שרעקלעך ווייטיקדיק געווען צו פילן דאָס, וואָס עס איז געשען.

III

סאַדאָווסקי האָט געבראַכט א קישן מיט זויערשטאָף, מיר האָבן עס אוועקגעלייגט אין ווינקל, נאָענט פון בעט. ס'איז געקומען סווערדלאָוו. עס האָבן זיך אָנגעהייבן קלײַבן כאַווייריִם. אין ראַטספּאָלקאָם האָט געהערשט א שטיל־קײַט. זײַנע מיטגלידער זײַנען געזעסן באַם טיש, יעדער אין זײַן שטענדיקן שטול, האָבן באַקומען יעדיִעס פון וולאַדימיר איליטשעס צימערן און דורכן טעלעפאָן פון שטאָט. און אַלע זײַנען געווען אין א גרויסער פאַרלעגנהײַט, דערדריקט און דערשלאָגן... זיי האָבן קימאַט צווישן זיך ניט גערעדט.

וולאַדימיר איליטשן האָט מען איינגאַנצן אויסגעטאָן און גענומען גרייטן צום באַנדאַזשירן.

ווערא מיכײַלאָוונא איז ארויס אין שכיינעסדיקן צימער. איך האָב געוווּסט, אַז איר איז אויסגעקומען צו זען אַף שלאַכטפעלדער אויך שרעקלעכע לײַדן פון טויזנטער פאַרווונדעטע, און ניט נאָר זען, נאָר, ווי א דאָקטער פון פעלד־שפּיטאָל אינ דער מילכאָמע פון 1914 יאָר, וואָס איז געשטאַנען אַף די סאַמע פּאָזיציעס אין דער ליניע פון פײַער,—אויך דירעקט מאַכן די באַנדאַזשירונגען און אָפּעראַציעס גופע אַפן פעלד. איך האָב געוווּסט, אַז זי וועט מיר ריכטיק זאָגן וועגן דער זאַך־לאַגע.

— די פאַרווונדונג איז זעלבסטפאַרשטענדלעך זייער א געפערלעכע, קי־מאַט א שטערבלעכע. אויב די קויל, וואָס איז אַרײַן אונטערן קינבאַק, וואָלט אָנגערירט די שפּײַז־רער און דעם רוקן־זײַל. נאָר ווײַזט אויס, אַז דאָס איז ניט אַזוי. די נאָענטסטע שאָען וועלן אַלץ באַשטימען. נאָר איך בין איבער־צײַגט,—האָט זי געזאָגט צו מיר און צו די כאַווייריִם,—אַז די קויל איז פאַר־בײַגעגאַנגען, גאָרנישט אָנגערירנדיק, לײַכט פאַרווונדנדיק די לונגען, אַנדערש

האָלט געווען א בלוט־שטורעם, און דאָס איז ניטאָ, כאָטש עס זײַנען שוין פארבײַגעגאנגען קימאט דרײַ שאָ נאָך דער פארווונדונג. ער וועט לעבן,—האָט זי פעסט צוגעשעפטשעט צו מיר, און איך האָב אזוי שטארק געגלויבט אין אירע ווערטער, וועלכע זי האָט אין אזעלכע פאלן קיינמאָל ניט געוואָרפן אפן ווינט, אז איך האָב זיך אינגאנצן איבערצײַגט, אז „ער וועט לעבן“... און טאקע אזוי איבערצײַגט האָב איך גענומען ריידן מיט די כאוועירים...

וולאדימיר איליטשס מאָגערער נאקעטער קערפער, וואָס האָט זיך אומבאהאָלפן אויסגעצויגן אפן בעט—ער איז געלעגן מיטן קאָפּ אף אונטן קוים א צוגעדעקטער—מיט א ביסל אָן א זײַט אײַנגעבויגענעם קאָפּ, וואָס איז געווען טויט־בלייך, דער טרויעריקער פּאָנעם, די גרויסע טראָפּנס שווייס, וואָס זײַנען ארויס אפן שטערן,—דאָס אלץ איז געווען אזוי שרעקלעך, אזוי אומענדלעך ווייטיקדיק, אז ס׳האָט זיך שווער אײַנגעגעבן אײַנהאלטן דאָס הארץ פון דער באהערשנדיקער אומרויִקײַט... און די געדאנקען זײַנען זיך געגאנגען מיט זייער וועג... און אין דידאָזיקע טעג האָט זיך דערמאָנט דאָס גאנצע לאנגע לעבן, דער ניט לאנג געוועזענער פלאמיקער רעוואָליוציאָנערער קאמף, די פרייד פון ניצאָכן, די טיפע האָפענונגען אף דער צוקונפט... און דאָס אלץ אומעטום און שטענדיק מיט אים און נאָר מיט אים, מיט דעמדאָזיקן עמעס באגײַסטערטן געניִאלן פירער פון די מאסן, וועלכע האָבן אים אומבאגרענעצט און אומענדלעך אומעטום געגלויבט, געגאנגען נאָך אים און זײַנען גרייט געווען אָפּצוגעבן זייער לעבן פאר דער זאך, צו וואָס ער האָט גערופן, ווען ער האָט אויסגעשמידט די לאָזונגען, וואָס זײַנען געבאָרן געוואָרן און אומעטום באשטעטיקט געוואָרן דורך די טיפסטע און ברייטסטע פאָלק־מאסן.

אין דער וועלט־געשיכטע קומט פאָר אן איבערברוך: אונטערגעדריקטע קלאסן הייבן זיך אוף צו זייער הערשאפט, קעדיי דורך זייער אויבערהאנט, דורך זייער קאמף און מאכט ענדגילטיק פארניכטן אלע קלאסן און אריבערגיין פון דער געזעלשאפט פון קאמף פון קעגנזײַטיקער פארניכטונג צו דער געזעלשאפט פון אלגעמיינער ברידערלעכער מיטארבעטערשאפט און פריידיקער ארבעט לעטויוועס איין גאנצעס.

דער מענטשהײַט איז אויך אין דעמדאָזיקן שווערן קאמף נייטיק א פירער, נייטיק דער, ווער עס זאָל פארקערפּערן אין זיך אין זײַן געניִאלן געדאנק אלע ארט שוונגען, אלע שטרעבונגען, אלע יעסוידעס פון דעם פילדויערסדיקן קלאסן־קאמף, וועלכער זאָל מיט זײַן טאלאנט פון פאָרויסזען באליכטן פאר די קעמפער פון דער מענטשהײַט, פאר דידאָזיקע אומצאָליקע מאכנעס אונטערגעדריקטע און פארשקלאפטע זייער ווײַטן וועג פון אומופהערלעכן קאמף פאר א בעסערער קעגנווארט און פאר א הערלעכער צוקונפט.

און דערדאָזיקער פֿירער, דער פֿירער פֿון דער מענטשהייט, ליגט דאָ פֿאַר אונדז א פאַרוווּנדעטער פֿון א פּראָוואָקאַטאָרישער קויל, אינעם האַרץ פֿון רוס־לאַנד, אין דער פֿיל־ליידנדיקער מאָסקווע, און מיר, זיינע מיטאַרבעטער און אידעישע כאַווײרים, וועלכע האָבן געהאַט דעם אומפאַרגלייכלעכן גליק צו זיין לעבן אים, הערן אים, פֿילן אים, שטייען דאָ פֿאַר אים—א פאַרוווּנדעטן, א שטיל־ליידנדיקן אין די ווענט פֿון דעם אוראַלטן גרויען קרעמל.

— ער קאָן ניט, ער דאַרף ניט שטאַרבן,—האָב איך א טראַכט געטאָן,—ער איז נייטיק, שרעקלעך נייטיק דער מענטשהייט, און ער וועט לעבן... און ער, אָן אומבאַהאָלפֿענער און נאַקעטער, איז געלעגן שטיל, רויִק, און פֿון זיינע ליפּן איז ניט אַרויס קיין איין קלאַנג, כאָטש אַלעמען איז געווען קלאָרן ווי שווער און שרעקלעך עס זיינען זיינע ליידן. ווען ניט איז האָבן זיך געעפֿנט זיינע אויגן, און זיין קלאָרער העלער בליק, וואָס איז איצט באַדעקט געווען מיט א פֿייכטקייט, האָט, זיך באַגעגענדיק מיט אונדז, דערציילט אונדז וועגן דעם, ווי גרויס עס זיינען זיינע ליידן.

דאָס אָטעמען איז געוואָרן שווער, אָפּגעהאַקט...

— די לינקע פּלעווורע האָט זיך אָנגעפֿילט מיט בלוט...—האָט עמיץ פֿון די דאָקטוירים געזאָגט.

ער האָט קוים־קוים א הוסט געטאָן, און העל־רויטע בלוט האָט מיט א קליי־נעם שטראָם פאַרגאָסן זיין פּאָנעם און האַלדז...

זיין קימאַט טויטן קערפּער האָט מען באַדעקט מיט א ווייסן ליילעך...

און מיר איז געוואָרן שרעקלעך.

— שוין־זשע זיינען דאָס די טאַכריכים פֿון טויט?

— ניין און ניין...—האָב איך אָפּגעשטויסן דעמדאָזיקן שרעקלעכן געדאַנק—ער וועט לעבן! דאָס וויל דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט, די גאַנצע אויסגעפּייניקטע מענטשהייט.

א שרעקלעכע שטילקייט האָט זיך איינגעבירגערט אין וולאַדימיר איליטשס צימער, און מיר זיינען אַלע שטיל אַרויס, איבערלאָזנדיק די דאָקטוירים טאָן דאָס זייעריקע.

## IV

אין דער צייט האָט זיך צוריקגעקערט פֿון מיטינג נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנ־טינאָוונאַ, וועלכער מען האָט שוין בא דער טיר מיטגעטיילט וועגן דעם, וואָס עס איז געשען. איך האָב זי באַגעגנט, זי, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקרענקט און העלדיש אויסגעפֿילט איר פּאַרטעישן כויוו איבער אַלע קריכעס, און איך געמאָלדן, אַז וולאַדימיר איליטש איז פאַרוווּנדעט, אַז די וווּנד איז אין האַנט,

אַז די דאָקטוירים באַנדאַזשירן אים אַרום, און אַז ער,—האָב איך איר געזאָגט מיט דערזעלבער זיכערקייט—וועט לעבן און זײַן געזונט.

זי איז רויִק, פּונקט ווי זי וואָלט שטענדיק געווען גרייט צו דעם, וואָס עס איז געשען, און אויך אַזוי פעסט, ווי זי האָט געשיקט הונדערטער כאַווײרים אַף דער סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטער פּאַרטיי־אַרבעט,—אַרײַן אין שלאָף־צימער, אַ קוק געטאָן אַף וולאַדימיר איליטשן, איז טייקעף אָפּגעטראָטן און אַרויסגעגאַנגען פון צימער.

— ער וועט זיך נאָך אויפרעגן...—האָט זי קוים צו הערן געזאָגט און זיך געזעצט אַפן שטול בײַ דער סאַמע טיר פון צימער, פונוואַנען זי האָט געקענט זען וולאַדימיר איליטשן, און דאָ איז זי אָפּגעזעסן קימאַט די גאַנצע נאַכט, זעלטן ווען אַרויסגייענדיק צו די כאַווײרים, ניט אָפּווענדנדיק די אויגן פון דעם, מיט וועמען זי האָט פאַרבראַכט איר גאַנצן אויסערגעוויינלעך־שווערן לעבן אַלס אומפאַרבײַטלעכער קעמפער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציִע. מיר זײַנען געווען פאַרזאָרגט פונעם געדאַנק, וואָס וועט אין דער נאָענטסטער צײַט זײַן מיט דעם, וואָס פאַר זײַן לעבן וואָלט יעדערער פון אונדז מיט פרייד אָפּגעגעבן זײַן אייגענעם לעבן. מיר האָבן נייטיק געדאַרפט וויסן, אומבאַדינגט געמוזט וויסן די אָפנהערציקע מיינונג פון די דאָקטוירים, פון יענע דאָקטוירים, וועלכע האָבן פריִער געהיילט וולאַדימיר איליטשן און האָבן געקענט זײַן אָרגאַניזם, פון די, וועלכע האָבן באַקומען אַלע ידיִעס פון די ספּעציִאַליסטן און געקאָנט אונדז זאָגן אינגאַנצן אָפנהערציק און אינגאַנצן אָביעקטיוו דעם רייִנעם עמעס, ווי דאָס זאָל זיי ניט זײַן געווען שווער און אַפילו שרעקלעך צו טאָן.

עס זײַנען שוין געווען די כאַווײרים ווײַסבראָד און וו. מ. וועליטשקינאַ, און סײַ זיי, סײַ מיר האָבן געוואָלט, אַז דאָ זאָל טייקעף זײַן וולאַדימיר אַלעקסאַנדראָוויטש אָבוך, אונדזער אַלטער פּאַרטיי־כאַווער און פרײַנט—אַ דאָקטער, וואָס האָט שטענדיק באַטראַכט און, ווען עס איז נייטיק געווען, געהיילט וולאַדימיר איליטשן, וועלכער האָט גלענצנד געוווּסט זײַן אָרגאַניזם און זײַנע קויכעס. מיר האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען, קעדיי אויסצוגעפינען וולאַדימיר אַלעקסאַנדראָוויטשן, וואָס איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן אַף איינעם פון די זאַוואָדן אין עק מאָסקווע.

ענדלעך האָט מען אים אויפגעזוכט און מע האָט אונדז מיטגעטיילט דורכן טעלעפאָן, אַז ער איז שוין אַרויסגעפאָרן אַף אַן אויטאָמאָביל. די מינוטן ציִען זיך ווי שאָען.

— וואָלט ער שוין גיכער קומען! גיכער!—עקבערט זיך אין מויעך, כאָטש דו ווייסט, אַז עס וועט זיך גאָרניט ענדערן, נאָר עפּעס אַ נײַעם פאָדעם פון האָפענונג גיט אונדז דער גוירל און מיר זײַנען גרייט געווען פעסט זיך אָנכאַפּן אָן אים.

וולאדימיר אלעקסאנדראָוויטש איז אריינגעקומען רויִק, ניט פארסאַפּעט; ער האָט, ווי עס ווייזט אויס, זיך ניט געאיילט. ארומגייענדיק די טירעף, פארשטייענדיק גלעצנד, אז אף אים, ווי אף דעם דאָקטער, וואָס היילט שטענדיק וולאדימיר איליטשן, וועלן זיין געווענדט אלעמעס בליקן, און אז ער וועט גלייך מוזן צוטרעטן צו דער פאראנטוואָרטלעכער מעדיציִנישער ארבעט. אלץ איז שטיל געוואָרן, וולאדימיר אלעקסאנדראָוויטש איז אויך אזוי רויִק ארײַן אין וולאדימיר איליטשעס צימער, ווו דאָקטער מינץ האָט געטאָן זיין וווּנדערלעכע ארבעט פון א כירורג.

כאָוועהר אָבוּך האָט לײַכט גענומען די געזונטע האנט פון פארוווּנדעטן און אָנגעהויבן ציילן דעם פּולס, פאָרשעריש און אָנגעשטרענגט ארײַנקוקנדיק אין וולאדימיר איליטשעס פּאָנעם, צוהערנדיק זיך צו זיין אָפּגעהאקטן שווערן אָטעמען. ער האָט זיך קונציק צוגעפּאסט און צוגעהערט דאָס הארץ און, אף וויפל ער האָט געקאָנט, די לונגען.

די באנדאזשירונג איז געווען פארענדיקט און וולאדימיר איליטשעס איז אוועקגעלייגט געוואָרן אף הויכע קישנס. עס זיינען געקומען די בארמהערציקע שוועסטער.

דער כירורג פּראָפעסאָר מינץ האָט דערקלערט אלץ, ווי אזוי מע דארף זיך באגיין און, איבערלאָזנדיק זיין אדרעס און טעלעפאָן, זיך געקליבן אוועקגעפאָרן.

מיר האָבן זיך אלע צוזאמענגעקליבן און געווארט אף וולאדימיר אלעקסאנדראָוויטש, וואָס איז אינגיכן ארויס צו אונדז צוזאמען מיט וו. מ. וועליטשקינאן און מיטן דאָקטער כירורג ווײַסבראָד, וועלכער איז די גאנצע צייט ביײַגעווען בא מינצס ארבעט.

די טעמפּעראטור האָט זיך אופגעהייבן. וולאדימיר איליטש איז געווען באם האלבן באוווסטזיין, ווען ניט ווען ארויסגעזאָגט אייִנצלנע ווערטער. באם אוועקפאָרן האָט מיר מינץ אויסגעדריקט זיין אויסערגעווייִנלעכע פארוווּנדערונג מיט דער פעסטקייט און מיט דעם געדולד פון וולאדימיר איליטשן, וועלכער האָט קיין איין קלאנג ניט ארויסגעלאָזט אפילע דאן, ווען מע האָט אים געמאכט שרעקלעך ווייטיקדיקע באנדאזשירונגען. וועגן וולאדימיר איליטשעס צושטאנד האָט מינץ ניט געזאָגט גאָרניט באשטימטעס, זאָגנדיק נאָר, אז דידאָזיקע פארווּנדונג געהערט בלי־ספק צו דער ריי פון זייער שווערע.

מיר, עטלעכע מענטשן, האָבן זיך צונויפגעקליבן אין וולאדימיר איליטשעס דירע, אין מאריא איליִשנאַס צימער און קוים צו הערן זיך דורכגעשמועסט.

איך האָב געפרעגט בא וו. א. אָבוכן, ווי איז זיין מיינונג.

— מיר וועלן מאָרגן זען... ער וועט אויסלעבן...—האָט ער מיר א שעפּטשע געטאָן.—איך בין אין דעם איבערצײַגט.

— פארוואָס?

— עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ באַשטימטע אינערלעכע איבערצייגונג. איך ווייס אַפילו ניט פאַרוואָס. די סאַמע געפערלעכסטע שאָען זײַנען פאַרבײַ. זײַן האַרץ איז א געזונטע און ער אַליין איז א געזונטער. נאָר וואָס איז דאָ צו רײדן... איליטש וועט לעבן!...—האָט ער מיר פעסט און איבערצײַגנדיק געזאָגט.

איך האָב געוווּסט, אַז וולאַדימיר אַלעקסאַנדראָוויטש קאָן גוט וולאַדימיר איליטשן און אַז ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו זײַן אָרגאַניזם. איך בין געווען זיכער סײַ אין כאַוועד אַבוכס געניטקײַט, סײַ אין זײַן היילן, סײַ אין זײַנע דיאַגנאָזן, אָבער איך האָב קלאָר באַנומען, אַז דאָ רעדט אין אים ניט נאָר דער קאַלטער געפיל און סייכל פון א ווייסנשאַפטלעכן באַאָבאַכטער, נאָר אויך די טיפע האַרציקע באַציִונג צום עצעם קראַנקן, און אַז ער דאַרשט פונקט ווי מיר אַלע אייגנס און דאָסזעלבע, מעג דאָס אַפילו זײַן א נעס... און א ווונדערלעכע זאַך—דערדאָזיקער געפיל פון איבערצײַגונג, אַז וולאַדימיר איליטש דאַרף לעבן, אַז די פײַנטלעכע קוילן פון דער עסערקע טאָרן אים ניט אַרויסכאַפן פון די רייען פון די רעוואָליוציאָנערע קעמפער פון פראָלעטאַריאַט, האָט אַלץ מער און מער אַרומגעכאַפט אַלעמען אין דערדאָזיקער ערשטער, סאַמע שווערסטער נאַכט פאַר דער גאַנצער צײַט פון אונדזער רעוואָליוציע און האָט ענדלעך, אין אייניקע טעג אַרום אַרומגעכאַפט דעם גאַנצן פראָלעטאַריאַט פון מאָסקווע און רוסלאַנד. דידאָזיקע שטימונג האָט זיך אויסגעדריקט אין טויזנטער בריוו, טעלעגראַמעס, אַדרעסן און איז ענדלעך געווען ווי פאַרטאַכאַקלט אין א לאָזונג אין אײנעם פון די נומערן „פראַוודאַ".

דידאָזיקע קאָלעקטיווע שטימונג אַלעמענס איז געוואָרן אַזוי אַזוי פיל איבערצײַגנדיק, אַז אַנדערש האָט זיך גאָרניט געוואָלט טראַכטן.

אונדזערע כאַווײרים־דאָקטוירים האָבן ניט געוואָלט אַוועקגיין פון דער געבײַדע פון ראַטפאָלקאָם און האָבן אומופהערלעך דעזשורירט לעבן וולאַדימיר איליטשס צימער, אויסטיילנדיק אַלס אופזעער־דאָקטער פון דער ערשטער נאַכט באַם קראַנקנס בעט ווערא מיכײַלאָווגאַ וועליטשקינאַן. פון אירע ווערטער ווייס איך, אַז דידאָזיקע ערשטע נאַכט, וואָס האָט געדאַרפט אַלץ לייזן, אַלץ באַשטימען, איז דורכגעגאַנגען בא א גרויסער אָנגעשטרענגטקײַט פון די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געגעכטיקט אין שכיינעסדיקן צימער, וואָס מיר האָבן גענומען פון דער קאַנצעלאַריע פון ראַטפאָלקאָם.

די מיטגלידער פון ראַטפאָלקאָם האָבן זיך אַלע אײַנגעאָרדנט אין שכיינעסדיקן צימער. אומרויִק, אין טיפן טרויער און אומעט זײַנען דורכגעגאַנגען דידאָזיקע נאַכט־שאָען. מיר האָבן יעדער אויף זײַן פאָסטן געטאָן די גאַנצע שווערע רעגירונג־אַרבעט, וואָס האָט נאָך אין א גרעסערער מאָס א שטראָם געטאָן אויף אונדז: גאַנץ מאָסקווע האָט שוין געלעבט מיט דערדאָזיקער גרעסטער געשעעניש אין אונדזער פאָליטישן לעבן. דאָס לאַנד האָט אופגענומען יעדיִעס. דער

טעלעגראַף און טעלעפאָן האָבן פיבערדיק, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, געאַרבעט. אָבער אונדזערע אַלע געדאַנקען זײַנען אינגאַנצן געווען דאָרטן, אין יענעם שכײַנעסדיקן צימער. יעדער קלענסטע ענדערונג אין דעם קראַנקנס צושטאַנד האָבן מיר אויפגענומען מיט דער גרעסטער אומרויִקייט.

באַנאַכט האָט זיך ווידער באַוויזן בלוט אין דער לייכע. דערנאָך האָט זיך דאָס אויסגעטיילט אין אַ פאַרגליווערטער מאַסע.

ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן בלוט, האָבן זיך אַלע שטאַרק דערשראָקן. ווערא מיכײַלאָוונא האָט פעסט געזאָגט צו מיר:

— דאָס איז פון די לונגען. דאָס בלוט האָט זיך דאָרט צונויפגעגאָסן נאָכן פּלאַצן פון די קלײנע אָדערן. דערפון טוט אים אויך ווי דאָס האַרץ. דאָס בלוט דריקט, די בלוט־אויסגיסונג איז, ווי עס ווײַזט אויס, אַ באַדײַטנדיקע, נאָר אויב ס'וואָלט געווען פאַרווונדעט די שפּײַז־רער,—וואָס דאָס איז דאָס סאַמע געפערלעכסטע,—וואָלט געווען אַ ברעכן מיט בלוט און דאָ איז דאָס בלוט נאָר באַם הוסטן, מיט דער סלינע און אינגאַנצן פון אַ רויטן קאָלער און ניט פון אַ ברוינלעכן, ווי פון מאָגן.



די דאָקטוירים האָבן אָפּמאַרגן אײַנדערפרי באַשלאָסן צונויפרופן אַ קאָנ־סיליום און אײַנלאַדן אויף אים מאַמאָנאָוון און וו. נ. ראָזאַנאָוון: מאַמאָנאָוון ווי אַ ספּעציאַליסט פון אינערלעכע קראַנקייטן און ראָזאַנאָוון ווי אַ כירורג.

שפּעט באַנאַכט איז געקומען כּאַווער קאָזלאָווסקי, ווּעמען עס איז, אַלס אַ מיטגליד פון קאָלעגיע פון יוסטיץ־קאָמיסאַריאַט, געווען באַאויפטראַגט דורכ־פירן די ערשטע אויספאָרשונג איבער דער עסערקע קאַפּלאַן, וואָס האָט אויפגעהייבן די האַנט אויפן פירער פונעם אַלוועלטלעכן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

קאָזלאָווסקי האָט מיר דערציילט, אַז קאַפּלאַן מאַכט זייער אַ גרויען, באַ־גרענעצטן, נערוועז־אויפגערעגטן און קימאַט היסטערישן אײַנדרוק, האַלט זיך צעשטרייט, רעדט אומקלאָר און געפינט זיך אין אַ געדריקטן צושטאַנד. קאָז־לאָווסקי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז בליסאָפּעק די אַרבעט פון אַן אָרגאַניזאַציע עסערן, כאָטש קאַפּלאַן לייקנט עס, און אַז דאָ איז קלאָר די פאַרבינדונג מיט די פעטערבורגער געשעענישן (די דערמאָרדונג פון וואָלאָדאַרסקין, אוריצקי),— און אַז מע קען, פאַרשטענדלעך, וואַרטן אויך אַנדערע אַרויסטרעטונגען. די פּראָטים פון אַטענטאַט האָט קאָזלאָווסקי נאָך ניט געוווּסט, ווײַל די אויספאָרשונג־מאַכט האָט ערשט צונויפגעקליבן דעם גאַנצן מאַטעריאַל אויפן אָרט פון פאַרברעכן.

## V

אין דער טיפער נאַכט האָט זיך אָנגעהייבן אויפקלערן די פּאָליטישע זײַט פון דערדאָזיקער גאַנצער געשעעניש. עס איז פולשטענדיק קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז אויף דער מאַכט פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט ווערט גע־

פירט אן אטאקע מיצאד אלע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, ווער זיי זאָלן ניט זײַן. דאָ האָבן אלע געארבעט צוזאמען: סײַ די ווײַסגווארדייער, סײַ די קאדעטן, סײַ די עסערן, סײַ די בורזשואזיע, סײַ די פאָרשטייער פון די אויסלענדישע מעלוכעס. עס איז קלאָר, אז ס'איז דערקלערט געוועזן א ווײַסער טעראָר קעגן די פאָרשטייער פון דער ארבעטער־פויערישער מאכט. אף דעם קלאפ האָט מען געמוזט ענטפערן מיט א הונדערט מאָל שטארקערן קלאפ. אפן ווײַסן טעראָר — מיט רויטן טעראָר.

קיין אנדער אויסוועג איז ניט געוועזן און האָט ניט געקאָנט זײַן. די גאנצע אײַנגעהאלטענע באציִונג, וועלכע ס'האָבן ביז דער צײַט ארויסגעוויזן די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער ארבעטער־מאכט צו אסאך אָפענע סאָנים פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט און צו די, וואָס האָבן זיך געשלעפט נאָך זיי, קלוימערשט, צוליב עפעס טעאָרעטישע מיינונג־פארשיידנהײַטן מיט די באָלשעוויקעס, און, בעעמעס, צוליב זייער דירעקטער קרויוועשאפט מיט די עלעמענטן פון דער רעאקציע און קאָנטער־רעוואָליוציע, — די דאָזיקע באציִונג האָט געדארפט פארענדיקט ווערן, ווײַל די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טוער זײַנען אף אזוי פיל כוצפעדיק געוואָרן און אף אזוי פיל אופגעהייבן דעם קאָפ, אז מע האָט געדארפט טייקעף באווײַזן אלע פײַנטלעכע עלעמענטן פון ארבעטער־קלאס, אז צאצקען זיך מיט זיי וועט מען ניט, און אז אויב זיי ווילן זיך ניט אײַנשטילן אליין, וועט מען זיי אײַנשטילן מיט א געוויסער קראפט פון צוואנג. צעציִען איז ניט געוועזן וואָס. יעדער טאָג האָט געבראכט נײַע ידיִעס וועגן אנטדעקטע אָרגאניזאציִעס פון דער ווײַס־גווארדיישטשינע. אומעטום האָבן ארומגעשנאָרט עפעס טונקעלע פארשוינען, פארשפרייטנדיק די סאמע עקלדיקסטע, ניט נאָר ליגנערישע, נאָר פולשטענדיק רעכילעסדיקע קלאנגען. די ארבעטער, אופגעבראכטע פונעם כוצפעדיקן אָנפאל אפן פירער פון דער וועלט־רעוואָליוציע האָבן געברענט מיט נעקאָמע קעגן די, ווער עס האָט געוואָלט ארויסרײַסן פון די הענט פון פראָלעטאריאט די מאכט, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך אזא לאנגן קאמף און אײַנגעהאלטן געוואָרן מיט אזוינע גרויסע אָנשטרענגונגען און אומופהערלעכע קאָרבאָנעס מיצאד דעם ארבעטער־קלאס.

און אלס ענטפער אף די בלוטיקע ארויסטרעטונגען פון דער קאָנטער־רעוואָליוציע איז דערקלערט געוואָרן איבערן גאנצן לאנד דער רויטער טעראָר,

אסאך פון די איבערגעלאָזענע אָכרוועסניקעס, פון די ארעסטירטע פאר קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגען, מיטגלידער פון די אנטדעקטע ווײַסגווארדעיִשע אָרגאניזאציעס זײַנען צעשאָסן געוואָרן לויטן אורטייל פון די באזונדער־באפולמעכטיקטע דרײַלינגען פון ווטשעקא און אירע אָפּטיילונגען.

די בורזשואזיע און די ווײַסגווארדיישטשינע האָבן ניט געווארט אף אזא שארפן באשלוס פון דער מאכט. זיי האָבן, ווי עס ווײַזט אויס, ניט גערעכנט,

אַז די מאַכט פון דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט איז בעעמעס אף אזוי פיל שטאַרק, אַז זי זאָל ניט וואַקלענדיק זיך קיין איין מינוט, נעמען אף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן באַשלוס. דער שטאָלענער ווילן פון פראָלעטאַריאַט און פון די, וועמען ער האָט אויסגעוויילט אָנפירן מיטן לאַנד, האָט פאַר דער גאַנצע וועלט אַרויסגעוויזן זיין פעסטקייט, זיין ניטגעוואַקלטקייט אין די סאַמע שווערסטע, אין די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע מינוטן, ווען אַלץ איז געווע געווענדעט, קעדיי אַ וואַקל צו טאָן די איינציקע רעוואָליוציאָנערע מאַכט.

די עפּאָכע פון רויטן טעראָר האָט געמאַכט אַ סאָף צו די ספּייקעס אין דעם, אַז די מאַכט פון דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט קאָן זיך אַ טרייסל טאָן באַ וועלכע ניט איז אומשטענדן, אַז זי קאָן זיך פאַרלירן כאָטש דאַן, ווען דער פירער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי איז פאַרווונדעט, ווען דאָס גאַנצע לאַנד איז דערשיטערט פון אַזאַ אומדערוואַרטן און כוצפּעדיקן אָנפאַל אפן הויפּט פון דער צענטראַלער מאַכט.

שוין אינדערפרי דעם 31־טן אויגוסט האָט דער פראָלעטאַריאַט און דאָס פויערטום פון רוסלאַנד געקאָנט לייענען אין אַלע צייטונגען די פעסטע און מוטיקע מעלדונג פון דער רעגירונג, פון וועלכער אַלעמען איז קלאָר געווען צו זען, אַז די רעגירונג פון דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט וועסטו ניט אָפּשרעקן, אַז די מאַכט גייט פעסט און ניט געוואַקלט אף דעם וועג, וואָס עס האָט אָנגעוויזן איר פירער.

## VI

אין דער צייט, נאָך דער ערשטער צעטומלעניש, האָט דער סאָוועטישער רעגירונג־אַפּאַראַט אָנגעהייבן אַרבעטן באַזונדערס אינטענסיוו. באַ דער ערשטער מעגלעכקייט האָב איך מיטגעטיילט אין לענינגראַד, לויט דער דירעקטער־טע־לעגראַף־ליניע, אַלע איינצלהייטן פון וולאַדימיר־איליטשס פאַרווונדונג, נאָכן צונויפשטעלן אפּגיך אַ שריפטלעכע באַשרייבונג וועגן דער געשעעניש און נאָכן איבערלייענען זי די כאַווײרים, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אין ראַטפאָלקאָם. דיזעלבע ידיעס האָב איך פאַנאַנדערגעשיקט אין אַלע מאָס־קווער און פעטראָגראַדער צייטונגען און מיטגעטיילט דער רעגירונג־טעלעגראַף־אַגענטור, קעדיי איבערצוגעבן דורכן טעלעגראַף איבער גאַנץ רוסלאַנד. אין פעטראָגראַד איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ דעזשורסטווע אין סאָוועט און מיר האָבן אַהין מיטגעטיילט קימאַט יעדער שאָ יעדער נייס.

אין ראַטפאָלקאָם האָט מען קעסיידער געקלונגען פון אַלע רייאָנען, ווו די אַרבעטער האָבן זיך טייקעף צונויפגעקליבן, און אַלע באַוואָפנטע קויכעס פון מאָסקווער פראָלעטאַריאַט זיינען אף יעדן פאַל גענומען געוואָרן אונטער דעם ביקס־

מיר האָבן קוים באוויזן מיטצוטיילן אַלעמען די נײַע יעדיִעס. ס'איז אינגאנצן קלאָר געוואָרן, אז עס איז נויטווענדיק צו אָרגאניזירן דאָס ארויסלאָזן ביולעטענען, אין וועלכע מע זאָל מיטיילן וועגן גאנג פון וולאדימיר איליטשס קראנקייט. איך האָב זיך טייקעף גענומען צו דערדאָזיקער ארבעט. דידאָזיקע ביולעטענען האָט די פארוואלטונג מיט די איניאַנים פון ראטפאָלקאָם פאנאנדערגעשיקט אַלע פאָלקאָמאטן, אין פרעזידיום פון וציק און אין מאָסקווער ראט, קעדיי טייקעף מיטצוטיילן אַלע די, וואָס ארבעטן דאָרטן. אכוץ דעם זײַנען דידאָזיקע ביולעטענען די ערשטע צײַט פאנאנדערגעקלעפט געוואָרן צוויי מאָל א טאָג איבער דער שטאָט און האָבן זיך, פארשטענדלעך, געדרוקט אין אַלע צײַטונגען. מע האָט געדארפט זען, מיט וואָס פאר אן אומרויִקייט די באפעלקערונג פון די ארבעטער־קווארטאלן האָט אָפּגעווארט דידאָזיקע ביולעטענען און די אנדערע צײַטונג־יעדיִעס וועגן וולאדימיר איליטשס געזונט־צושטאנד. אומעטום האָט מען אף די ראָגן פון די גאסן געלייענט אינדערהויך דאָס, וואָס האָט א שײַכעס געהאט צו וולאדימיר איליטשן. אף די זאוואָדן, אין די פאבריקן האָבן זיך צונויפגעקליבן מיטינגען, וואָס האָבן באהאנדלט אַלע נײַע יעדיִעס און די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאגע פון דער רויטער הויפטשטאָט. די שטימונג איז פון א געדריקטער גיך אריבערגעוואקסן אין א דרייסטער אנטשלאָסענער. און עס איז אינגאנצן קלאָר געווען, אז די פּראָלעטארישע מאסן זײַנען גרייט געווען יעדע מינוט זיך ווארפן אין שלאכט אף פארטיידיקן די דעראָבערונגען פון אונדזער סאָציִאַליסטישער רעוואָליוציע.

ווי נאָר די ערשטע יעדיִעס וועגן אטענטאט אף וולאדימיר איליטשן האָבן זיך דערקײַקלט צו די שטעט, זאוואָדישע ריַיאָנען און פאבריק־צענטערס, אזוי האָבן זיך פון דאָרט א שאָט געטאָן הונדערטער בריוו, טעלעגראפישע אָנפראגעס. עס האָבן גענומען אָנקומען ארבעטער־דעלעגאציעס. דער צאָרן האָט ניט געהאט קיין סאָף, און דאָ האָט זיך אינגאנצן בוילעט ארויסגעוויזן דער ווילן פון דעם גאנצן פּראָלעטאריִאט און פון רעוואָליוציִאָנערן פויערטום, דער ווילן צום קאמף, צום אָנגריף אף דער גאנצער ווײַסגווארדיישטשינע, און אף דער גאנצער קאָנטר־רעוואָליוציע, אף דער גאנצער בורזשואזיִע, ווו זי זאָל זיך ניט אויסבאהאלטן און ווער עס זאָל, אזוי אָדער אנדערש, ניט געהערן צו אירע רייען.

אין מאָמענט פון דעם גרעסטן אומגליק האָט זיך געפילט די שטארקסטע פארברידערונג צווישן אַלע קעמפער פון פּראָלעטאריאט. די קראפט און די מעכטיקייט פון קלאס, וואָס האָט אופגעהויבן אף זײַנע פּלייצעס די גאנצע שווערקייט פון דער מאכט, וועלכע איז דעראָבערט געוואָרן אין פײַער פון רעוואָליוציִאָנערן קאמף, — איז דאָ ארויסגעטראָטן באזונדער בוילעט און רעליעף.

פונקט אזוי בוילעט האָט מען אין דידאָזיקע טעג געקאָנט זען, אָפּשאצן און דערפילן די עמעסע, גרויסע, אומבאגרענעצטע ליבע פון די ארבעטער צו זייער אומקאָמפּראָמיסלעכן פירער, די גאנצע, טיף־רירנדיקע צוגעבונדנקייט, וועלכע עס האָבן צו אים געפילט דידאָזיקע טויזנטער מענטשן, און דורך זיי אויך די מיליאָנען, וואָס האָבן זיי געשיקט אין מאָסקווע צו וולאדימיר איליטשן. אלע האָבן געוואָלט וויסן די פּראָטים און די אומשטענדן פון דעם אטענטאט, און מיר איז אויסגעקומען אסאך מאָל צו דערציילן אין אופנעם־צימער פון ראטפּאָלקאָם די ארבעטער־דעפּוטאטן דאָס, וואָס איך האָב באוויזן צונויפקלייבן און זיך דערוויסן וועגן דער עצעם געשעעניש.

## VII

מיט וולאדימיר איליטשן פלעגט שטענדיק, נאָך אין פּעטראָגראד פאָרן זייער אן אויסגעפּרווטער שאָפער כאווער סטעפאן קאזימיראָוויטש גיל, וואָס האָט געארבעט אין דער אווטאָ־באזע פון ראטפּאָלקאָם און וואָס איך האָב אים געשעצט ווי א טוער אין דער העכסטער מאָס א פּינקטלעכן מיט א פלינקן קאָפּ, וואָס פירט אלץ אויס און באנעמט גיך, וואָס ווייס די מאשין און קען זייער גוט די גאנצע ארבעט פון א שאָפער. איך האָב אָנגעמערקט אים מיט נאָך אייניקע אנדערע שאָפערן נאָך אין פלאקער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, און טאקע אים האָב איך, ווי עס האָט זיך נאָר געפאָדערט, באשטימט פאר וולאדימיר איליטשן.

כאווער גיל איז געווען קימאט דער איינציקער איידעס, ניט געקוקט אף דעם גרויסן אוילעם מענטשן, וואָס פאר זיינע אויגן האָט אין וולאדימיר איליטשן געשאָסן די דולע עסערקע קאפלאן, דער איינציקער, וואָס האָט געזען דאָס גאנצע בילד פון אטענטאט און אלץ דאָס, וואָס איז געשען נאָכדעם, און דעריבער איז זיין דערציילונג באזונדערס וויכטיק און ווערטפול.

אינעם אומגליק־טאָג, דעם 30־טן אווגוסט, איז וולאדימיר איליטש ארויסגעפאָרן, ווי יעדער וואָך, אף מיטינגען אין דער סאמע טיפעניש פון דער ארבעטער־מאסע.

„אין אָנהייב,—האָט מיר דערציילט כ' גיל,—זיינען מיר אוועקגעפאָרן אף דער ברויט־בירזשע, ווו עס איז געווען א מיטינג. דאָ זיינען געווען זייער פיל מענטשן. דער מיטינג איז גליקלעך דורכגעגאנגען,[1] און מיר זיינען אוועקגעפאָרן אפן געוועזענעם מיכעלסאָנס זאוואָד, אף סערפּוכאָווער גאס, ווו מיר

[1] די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אז אויך דאָ האָבן נאָך וולאדימיר איליטשן נאָכגעשפּירט די עסערן, נאָר זיי האָט עפּעס געשטערט דורכצופירן דעם פארטראכטן אטענטאט.

זײַנען פֿרײַער געווען צוויי מאָל. מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן גלײַך אין הויף. אין הויף זײַנען געווען אַסאַך מענטשן. קיין שום שמירע איז ניט געווען, ניט מיט אונדז אפֿן אווטאָמאָביל, ניט אין הויף, און וולאַדימיר איליטשן האָט קיינער ניט באַגעגנט: ניט דער זאַווקאָם, ניט עמיץ אַן אַנדערער. ער איז אַרויסגעגאַנגען איינער אַליין פֿון אווטאָמאָביל און איז גיך דורכגעגאַנגען אין די וואַרשטאַטן. איך האָב אויסגעקערעוועט דעם אווטאָמאָביל און אים צוגעגרייט צום אַרויספֿאָרן פֿון הויף, אַ צען טריט פֿון אַרײַנגאַנג אין די וואַרשטאַטן.

אין אַ 5־10 מינוט אַרום איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ פֿרוי מיט אַ פּאָרטפֿעל,—נאָכדעם, אַף דער אויספֿאָרשונג האָט זיך אויפֿגעקלערט אַז דאָס איז טאַקע געווען די מערדערן קאַפּלאַן,—און בא מיר געפֿרעגט:

— וואָס, דאַכט זיך, דער כאַווער לענין איז געקומען.

איך האָב אַף דעם געענטפֿערט:

„איך ווייס ניט ווער עס איז געקומען...”

זי האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— ווי איז דאָס? איר זײַט אַ שאָפֿער, און ווייסט ניט, וועמען איר פֿירט...

— פֿונוואַנען זאָל איך וויסן? עפּעס אַ רעדנער,—ווייניק פֿון זיי פֿאָרן אַרום, אַלעמען קענסטו ניט קענען,—האָב איך רויִק געענטפֿערט.

זי איז אַוועקגעגאַנגען פֿון מיר, און איך האָב געזען, ווי זי איז אַרײַן אין דער געבײַדע פֿון זאַוואָד...

איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „וואָס האָט זי זיך עס צוגעטשעפּעט צו מיר. סאַראַ פֿאַראַקשנטע זי איז”. נאָר אַזוי ווי קימאַט שטענדיק זײַנען געווען אַסאַך, וואָס אינטערעסירן זיך, ווער עס איז געקומען און וועמען דו האָסט געבראַכט, און אָפּטמאָל פּלעגט מען אַפּילע זיך אַרומשטעלן אַרום אווטאָמאָביל און אַרומקוקן אים, האָב איך אויך אַף די ווערטער פֿון דערדאָזיקער פֿרוי ניט געלייגט קיין אכט, בא אונדז איז געווען נאָר איין שטרענגער קלאַל: קיינמאָל קיינעם ניט זאָגן, ווער עס איז געקומען, פֿונוואַנען מע איז געקומען און וווּהין מע פֿאָרט ווײַטער.

אַן ערעך אין אַ שאָ אַרום, רעכן איך, איז פֿון זאַוואָד אַרויס די ערשטע גרויסע מאַכנע מענטשן,—קימאַט אַלע אַרבעטער,—און האָבן פֿאַרנומען קימאַט דעם גאַנצן הויף. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דער מיטינג האָט זיך געענדיקט, און זיך גענומען גרייטן צום אַוועקפֿאָרן און צוגעגרייט דעם אווטאָמאָביל. אין אייניקע מינוט אַרום האָט זיך פֿון זאַוואָד אַרויסגעשאָטן אַ צווייטע גרויסע מאַכנע מענטשן, צווישן וועלכער עס איז געגאַנגען וולאַדימיר איליטש. איך בין געזעסן באַם רול און די מאַשין אָנגעשטעלט אַף גיכקײַט. וולאַדימיר איליטש האָט געשמועסט מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן אים געשטעלט אַסאַך פֿראַגעס. ער האָט זיך זייער לאַנגזאַם באַוועגט אין דער ריכטונג צום אווטאָ־

מאָביל. ניט צוגייענדיק א דרײַ שריט צום אווטאָמאָביל, האָט וולאדימיר איליטש זיך אָפּגעשטעלט אנטקעגנ,טירל, זיך קלײַבנדיק זעצן. דאָס טירל האָט עמיצער פון אוילעם געעפנט. אין דער צײַט האָט ער געשמועסט מיט צוויי פרויען און דערקלערט זיי וועגן אריבערפירן פראָדוקטן, און איך האָב געהערט וולאדימיר איליטשס ווערטער:

— זייער ריכטיק, פאראן אסאך ניט ריכטיקע האנדלונגען פון די פארצאמוגג־אָטריאדן, נאָר דאָס וועט אלץ זיכער באזײַטיקט ווערן.

דער שמועס האָט זיך געצויגן א צוויי־דרײַ מינוט. בא די זײַטן פון וולאדימיר איליטשן זײַנען געשטאנען נאָך צוויי פרויען, וועלכע האָבן זיך ארויסגערוקט אין פאָדער־גרונט פאר אים. ער איז געווען ענג צוגעקוועטשט אין דער מאכנע, און ווען ער האָט געוואָלט מאכן די לעצטע טריט צום מאָטאָר, האָט זיך פלוצלונג דערהערט א שאָס. איך האָב אין דער צײַט געקוקט אף וולאדימיר איליטשן, האלב אויסגעדרייט אף אהינטער. איך האָב מאָמענטאל א קער געטאָן דעם קאָפּ אין דער ריכטונג פון שאָס און איך דערזע א פרוי אין דער לינקער זײַט פון אווטאָמאָביל באם פאָדערשטן טייל, וועלכע האָט זיך געצילט אין וולאדימיר איליטשס לינקער פלייצע. עס האָבן זיך דערהערט איינער נאָכן אנדערן נאָך צוויי שאָסן, איך האָב טייקעף פארטאָרמאָזירט די מאשין און זיך געוואָרפן מיטן נאגאן צו דער, וואָס האָט געשאָסן, צילנדיק זיך אין איר קאָפּ, זי האָט דעם בראוונינג מיר א וואָרף געטאָן צו די פיס, זיך גיך אומגעקערט און זיך ארײַנגעוואָרפן אין אוילעם אין דער ריכטונג צום ארויסגאנג, ארום זײַנען געווען אזוי פיל מענטשן, אז איך האָב ניט געוואגט אויסשיסן אין איר, ווײַל איך האָב געפילט, אז איך וועל זיכער דערהארגענען עמיצן פון די ארבעטער. איך האָב זיך א וואָרף געטאָן נאָך איר און דורכגעלאָפן עטלעכע טריט, נאָר פלוצלונג איז דורכגעפלויגן אין מײַן קאָפּ: „וולאדימיר איליטש איז דאָך אליין... וואָס איז מיט אים". איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. א סעקונדע האָט געהערשט א שרעקלעכע טויטע שטילקײַט, דערנאָך האָבן אלע פלוצלונג אויסגעשריִען: „דערהארגעט!... דערהארגעט!..."—און מיט־אמאָל האָט זיך די גאנצע מאכנע א וואָרף געטאָן לויפן פון הויף,—סײַ מענער, סײַ פרויען,—און ס'האָט זיך געשאפן א גרויסע שטופעניש. איך האָב זיך אומגעקערט און דערזען וולאדימיר איליטשן ליגנדיק אף דרערד, איך האָב זיך א וואָרף געטאָן צו אים. פאר דידאָזיקע רעגעס איז דער פולגעפאקטער הויף שוין ליידיק געוואָרן, און די פרוי, וואָס האָט געשאָסן, איז פארשווּונדן מיטן אוילעם.

איך בין צוגעלאָפן צו וולאדימיר איליטשן און, שטעלנדיק זיך פאר אים אף די קני, זיך אײַנגעבייגן צו אים. ער האָט דעם באוווסטזײַן ניט פארלאָרן און געפרעגט:

— געכאפּט אים צי ניט?

ער האָט, ווײַזט עס אויס, געמיינט, אַז אין אים האָט געשאָסן אַ מאַנצבל.

איך זע, אַז געפרעגט האָט ער שווער, מיט אַ געענדערטער שטים, מיט עפּעס אַ כריפּען, איך האָב אים געזאָגט:

— שווײַגט, רעדט ניט, אײַך איז שווער...

אין דערזעלבער מינוט הייב איך אויף דעם קאָפּ און זע, ווי פון די וואַרשטאַטן לויפט אין אַ מאַטראָס־היטל עפּעס אַ מאָדנער מאַנצבל אין אַ שרעקלעך־אויפגערעגטן צושטאַנד, פאָכנדיק מיט דער לינקער האַנט און האַלטנדיק די רעכטע האַנט אין קעשענע, און לויפט גלײַך אויף וולאַדימיר איליטשן.

זײַן גאַנצע פיגור האָט זיך מיר אויסגעוויזן זייער פאַרדעכטיק, און איך האָב פאַרשטעלט מיט זיך וולאַדימיר־איליטשן, באַזונדער זײַן קאָפּ, קימאַט זיך געלייגט אויף אים און אַ געשריי געטאָן מיט אַלע קויכעס.

— שטיי! — און געוואָרפן אויף אים מײַן רעוואָלווער.

ער האָט פאַרגעזעצט לויפן און זיך אַלץ דערנענטערט צו אונדז. דעמאָלט האָב איך אויסגעשריִען:

— שטיי! איך שיס!...

ער האָט, ניט דערלויפנדיק עטלעכע טריט צו וולאַדימיר איליטשן, שאַרף אויסגעקערעוועט אויף לינקס און גענומען לויפן פון הויף, ניט אַרויסנעמענדיק די האַנט פון קעשענע. אין דערזעלבער צײַט איז צו מיר צוגעלאָפן פונהינטן עפּעס אַ פרוי מיט אַ געשריי:

— וואָס טוט איר? שיסט ניט? — מיינענדיק, ווי עס ווײַזט אויס, אַז איך וויל שיסן אין וולאַדימיר איליטשן. איך האָב נאָך ניט באַוויזן איר צו ענטפערן, ווי פון די וואַרשטאַטן האָט זיך אין דערזעלבער צײַט דערהערט אַ געשריי פון עפּעס אַ מאַנצבל:

„דאָס איז אַן אייגענער! אַן אייגענער“, און איך האָב דערזען דרײַען לויפנדיק פון די וואַרשטאַטן מיט רעוואָלווערן אין די הענט אין דער ריכטונג צו וולאַדימיר איליטשן. איך האָב ווידער אויסגעשריִען:

— שטייט! ווער זײַט איר? כ'וועל שיסן...

זיי האָבן מיר טייקעף געענטפערט:

— מיר זײַנען כאַווער, דער זאַוואָדישער קאָמיטעט, אייגענע...

דערקענענדיק איינעם פון זיי, וואָס איך האָב אים געזען פריִער, ווען מיר זײַנען געקומען אויפן זאַוואָד, האָב איך זיי צוגעלאָזן צו וולאַדימיר איליטשן. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען זייער גיך, אין עטלעכע מינוט.

עמיץ פון זיי איז באַשטאַנען, איך זאָל פירן וולאַדימיר איליטשן אין דעם נאָענטסטן שפּיטאָל.

איך האָב קאַטעגאָריש געענטפערט:

— אין קיין שום שפּיטאָל וועל איך ניט פירן. איך פיר אהיים.
דערהערט אונדזער שמועס, האָט וולאדימיר איליטש געזאָגט:
— אהיים, אהיים...
און איך האָב צוזאמען מיט די כאווייריט פון קאָמיטעט,—און אייגער פון זיי האָט זיך ארויסגעוויזן פון קריג־קאָמיסאריאט,—געהאָלפן וולאדימיר איליטשן זיך אופהייבן אף די פיס, און ער איז אליין, מיט אונדזער הילף, דורכגעגאנגען עטלעכע טריט ביזן אווטאָמאָביל׳ מיר האָבן אים געהאָלפן זיך אופהייבן אפן טרעפל פון אווטאָמאָביל. און ער האָט זיך געזעצט אפן הינטערגעזעס אין קופע פון אווטאָמאָביל אף זיין געוויינלעכן אָרט. צוויי כאווייריס האָבן זיך געזעצט אין אווטאָמאָביל: אייגער מיט מיר, דער אנדערער אין אווטאָמאָביל גופע. איך בין אוועקגעפאָרן זייער גיך, מיט דער גרעסטער שנעלקייט, אף וויפל דאָס האָט נאָר דערלויבט דער וועג, דירעקט אין קרעמל. איך האָב זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט אף וולאדימיר איליטשן. ער האָט זיך איבער מיטן וועג אָפּגעוואָרפן מיט זיין גאנצן קערפּער אפן געזעס, איז האלב געלעגן, ניט געקרעכצט און ניט ארויסגעלאָזט קיין איין קלאנג, זיין פּאָנעם איז געווען בלייך. דער כאווער, וואָס איז אינעווייניק געזעסן, האָט אים אביסל אונטערגעהאלטן! בא די טראָצקער טויערן האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט אור נאָר א געשריי געטאָן דעם וואָרט „לעניך״—און דורכגעפאָרן גלייך אין הויף צו וולאדימירט איליטשס דירע. דאָ האָבן מיר אלע דריי געהאָלפן וולאדימיר איליטשן ארויסגיין פון אווטאָמאָביל. ער איז ארויסגעגאנגען שווער, מיט אונדזער שטיצע, ליידנדיק, ווי עס ווייזט אויס, ווייטיקן, אָבער ער האָט ניט ארויסגעלאָזן קיין איין קלאנג. מיר האָבן אים געזאָגט:
— מיר וועלן אייך ארייַנטראָגן.
ער האָט זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט.
מיר האָבן אים גענומען בעטן און זיך בעטן בא אים, ער זאָל אונדז דערלויבן אים ארייַנטראָגן, נאָר קיין שום רייד האָט ניט געהאָלפן און ער האָט פעסט געענטפערט:
— כ׳וועל גיין אליין... און, זיך ווענדנדיק צו מיר, צוגעגעבן:—נעמט אראָפּ דעם פּידזשאק, מיר וועט אזוי גרינג זיין צו גיין.
איך האָב פּאָרזיכטיק אראָפּגענומען דעם פּידזשאק, און ער איז, שטיצנדיק זיך אף אונדז, געגאנגען איבער די שטייענדיקע טרעפּ צום דריטן שטאָק. ארופגעגאנגען איז ער אינגאנצן שווייַגנדיק. צוקומענדיק צו דער טיר, האָבן מיר אָנגעקלונגען, און מע האָט אונדז געעפנט. איך האָב אים גלייך דורכגעפירט אין שלאָף־צימער און אוועקגעלייגט אפן בעט. איך האָב געוואָלט אראָפּנעמען דאָס העמדל, נאָר דאָס האָט מען ניט געקאָנט און איך האָב עס צעשניטן. אין דעם מאָמענט איז געקומען מאריע איליגישנא; מיט א געשריי: „וואָס

איז געשען?" האָט זי זיך געווענדט צוערשט צו אים, דערנאָך צו מיר און געזאָגט:

— קלינגט גיכער! גיכער!

איך האָב דעמלט אָנגעקלונגען צו וולאַדימיר דימיטריעוויטש באָנטש־ברויעוויטש און אַלץ דערקלערט. אין דער צײַט איז אַרײַנגעלאָפן אַנאַ פּעטראָווגאַ און איז טייקעף אַרויסגעלאָפן אין ראַטפּאָלקאָם און מיט איר איז געקומען כאַווער אַ. ב. ווינאָקוראָוו.

נאָכדעם, ווי איך האָב אָנגעקלונגען וולאַדימיר דימיטריעוויטשן, האָט מיר מאַריאַ איליִנישנאַ געבעטן פּאָרויס אָנזאָגן נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווגאַ, און ווי מעגלעך פּאָרזיכטיקער. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווגאַ איז געווען אין קאָמיסאַריאַט. ווען איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אין הויף, האָט מיר עמיץ — פון ראַטפּאָלקאָם דעריאָגט, קעדיי, מיט מיר צוזאַמען גיין אָנזאָגן נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווגאַ. מיר האָבן זי גענומען אָפּוואַרטן אױפן הויף. אין גאָר אַ קורצער צײַט אַרום איז זי אָנגעפּאָרן. ווען איך האָב גענומען צו איר צוגיין, האָט זי, ווײַזט אויס, אָנגעשטויסן זיך נאָך מײַן אויפגערעגטן פּאָנעם, אַז עפּעס האָט פּאַסירט, זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט, מיר קוקנדיק גלײַך אין די אויגן:

— רעדט גאָרנישט ניט, זאָגט נאָר — ער לעבט, צי דערהאַרגעט?...

— איך גיב מײַן ערן וואָרט, — האָב איך איר געענטפערט, — וולאַדימיר איליִטש איז לײַכט פאַרוווּנדעט.

זי איז אַ מינוט געשטאַנען און איז אַרויף אויבן, און מיר זײַנען שווײַגנדיק געגאַנגען זי באַגלייטן. מיר זײַנען אַרײַן אין דירע. איך בין דאָ געווען עטלעכע מינוט און בין אַוועק אַהיים".

## VIII

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פרוי — די מערדערן איז אַרויסגעלאָפן צוזאַמען מיט אוילעם פון הויף פון זאַוואָד. מיטן אוילעם איז אויך אַרויסגעלאָפן די פרוי, וועלכע האָט פאַנאַנדערגעפרעגט וולאַדימיר איליִטשן וועגן די פאַרצאַמונג־אָטריאַדן און, איז, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, געווען פאַרווונדעט מיט דער דריטער קויל. זי האָט אין אָנהייב ניט געפילט די ווונד און איז אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

דער אוילעם איז געלאָפן, פון אָנהייב ניט וויסנדיק, ווו איז די אָדער דער וואָס האָט געשאָסן אין וולאַדימיר איליִטשן.

די יאַטלעך, וואָס זײַנען אין הויף געווען בייסן אַטענטאַט, זײַנען כאַפּטעטווײַז אַרויסגעלאָפן נאָך דער, וואָס האָט געשאָסן און געשריִען:

— אָט איז זי! אָט איז זי!

נאָך דער ערשטער מעהומע האָט דער אוילעם געקומען זוכן די מערדער, און איינעם פון די כאַווײרים־אַרבעטער פונעם געוועזענעם מיכעלסאָנס זאַוואָד איז געלונגען זי צו פאַרהאַלטן. דער אוילעם האָט זי געוואָלט צערײַסן אפן אָרט, נאָר מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג האָט מען זי געבראַכט אין קאָמיסאַריאַט, פונוואַנען מע האָט זי טייקעף איבערגעפירט אין ווטשעקאַ. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דעם מיטגליד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן פאַניאַ קאַפּלאַן.

## IX

דער צווייטער און דריטער טאָג נאָכן פאַרוווּנדן זײַנען געווען די סאַמע אומרויִקסטע, וולאַדימיר איליטשס טעמפּעראַטור האָט זיך געהייבן. דערנאָך איז געוואָרן אַביסל בעסער, מע האָט באַשלאָסן אַראָפּנעמען אַ רענטגען־פאָטאָגראַפיע פון זײַן ברוסט־קאַסטן. מיט דעם ציל איז געבראַכט געוואָרן אַ באַוועגלעכער רענטגען־אַפּאַראַט. אַלע מאַשינעס זײַנען געווען זייער שווערע. מיר איז אויסגעקומען זיך צו ווענדן צו די כאַווײרים רויטאַרמייער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין קרעמל, און בעטן זיי אויסטיילן פיר כאַווײרים, די סאַמע שטאַרקסטע, קעדיי אין דער זייער ענגער קליינער געבײַדע, ווו עס האָט געלעבט וולאַדימיר איליטש, זאָל מען אָן אַ טומל אַריבערפירן דידאָזיקע זייער שווערע קופּערטן און אַנדערע קעגנשטאַנדן. די כאַווײרים זײַנען אַף די שפּיץ־פינגער אַרײַן אין וולאַדימיר איליטשס צימער, טראָגנדיק אַף די מוסקלען די אַלע קעגנשטאַנדן, ביגנייווע אַ בליק געטאָן אַף זייער באַליבטן פירער און אָן טומל אַרויס אין קאָרידאָר, ווו זיי זײַנען שווײַגנדיק געשטאַנען מיט אײַנגעבויגענע קעפּ, וואַרטנדיק ביז דער דאָקטער וועט מאַכן די פאָטאָגראַפיע, קעדיי דערנאָך אויך אַזוי רויִק אַרויסצוטראָגן די אַלע מאַסאָעס.

אין דיזעלבע טעג, נאָכן ערשטן קאָנסוליום, האָב איך זיך געווענדט צו דאָקטער מאַמאָנאָוו און אים געבעטן מיר זאָגן זײַן אָפנהערציקע מיינונג בענוגע וולאַדימיר איליטשעס צושטאַנד.

— נאָר אָפּגעמערקטע פונעם גורל קאָנען אויסמײַדן דעם טויט נאָך אַזאַ פאַרוווּנדונג,—האָט ער מיר האַלב־שעפּטשענדיק געזאָגט.

איך האָב פאַרוווּנדערט געקוקט אַף אים.

— ער וועט לעבן, — האָט ער מיר געזאָגט מאַמאָנאָוו. — די טויט־געפאַר איז פאַרבײַ. ווי אַזוי און פאַרוואָס — ווייס איך ניט. דאָס אַלץ איז זייער רעטענישפול און אומפאַרשטענדלעך... די פאַרוווּנדונג איז בליסאָפּעק אַ שטערבלעכע. אַזוינע פאַלן האָב איך ניט געזען און ניט געהערט.

דאָס האַרץ האָט אַ ריס געטאָן: און וואָס... טאָמער און טאָמער איז נאָך ניט אויסגעמיטן?" האָט זיך ניט ווילנדיק געטראַכט...

— ניין, ער וועט לעבן! — האָבן מיר טייקעף אַוועקגעיאָגט דעמדאָזיקן געדאַנק

דער צושטאַנד איז אַוועק אַף פֿאַרבעסערונג. וולאַדימיר איליטש האָט העראָיִש איבערגעטראָגן אַלע שרעקלעך־פּײַנלעכע באַנדאַזשירונגען פֿון דער צעשפּליטערטער לינקער האַנט. מיטאַמאָל איז וולאַדימיר איליטש, כאַפּנדיק אַ גוטע מינוט און דערפֿילנדיק מיסטאָמע אַ צופֿלוס פֿון קויכעס, אופֿגעשטאַנען פֿון בעט און איז אַליין אַוועק אַף ניטיקײַט דורכן קאָרידאָר אין דער אָפּגעטיילטער געבײַדע. פֿונדאָרטן האָט ער זיך קוים צוריקגעקערט שרעקלעך אָפּגעשוואַכט, און די דאָקטוירים האָבן זיך געשראָקן, ער זאָל זיך ניט האָבן שטאַרק שאָדן געטאָן, די טעמפּעראַטור האָט זיך טאַקע גלײַך ווידער אופֿגעהייבן, נאָר זי איז באַלד געפֿאַלן. און אויך אין דעם פֿאַל האָט זיך אויסגעדריקט אַלץ דיזעלבע שטרעבונג פֿון וולאַדימיר איליטשן וואָס ווייניקער עמיצן צו באַרויִקן און באַלעסטיקן מיט זיך. מע האָט אַף אים אײַנגעשטעלט אַ שטרענגע אופֿזיכט, קעדיי ער זאָל נאָכאַמאָל צוליב זײַן אויסערגעווייניטלעכער באַשיידנקײַט ניט אָנטאָן זיך קיין שאָדן, ניט ווענדיק מיט באַקאָשעס באַלעסטיקן אַנדערע.

X

איך האָב יעדן טאָג צו עטלעכע מאָל באַזוכט וולאַדימיר איליטשן. ס'האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט כאָטש נאָר אַ קוק טאָן אַף אים. ריידן האָט מען ניט געטאָרט: די דאָקטוירים האָבן שטרענג פֿאַרבאָטן. און אָט איינמאָל, אַרײַנגייענדיק צו אים אַף אַ מינוט, האָב איך פּלוצלונג באַמערקט, אַז וולאַדימיר איליטש קוקט גאָר אַנדערש, ווי אין די לעצטע טעג: זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ טיפֿן פֿײַער און דער לינקער אויג, — וואָס איז שטענדיק אַביסל פֿאַרזשמוריעט, — האָט פֿריילעך, האַזערדיק און פֿאַרשנדיק אַ בליץ געטאָן, און זײַן פּאָנעם האָט זיך אַף אַ רעגע באַלויכטן מיט אַ הערלעכן שמייכל. די־דאָזיקע רעגע, בייס עס האָט זיך דערפֿילט, אַז צו וולאַדימיר איליטשן האָבן זיך צוריקגעקערט די לעבנס־קויכעס, אַז ער איז שוין אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿן שעפֿערישן געדאַנק — איז געווען אַזוי וווּנדערלעך שיין, פּונקט ווי עס וואָלט די גאַנצע וועלט זיך באַשטראַלט מיט אַ נײַעם שײַן, זיך אָנגעפֿילט מיט אַ צופֿעליקער פֿרייד, און אומענדלעכע נײַע קויכעס האָבן פֿאַרגאָסן מײַן אופֿגעציטערט האַרץ...

איך האָב זיך באַגעגנט מיט די בליקן פון דעם, וועמען איך האָב געהאַלטן פאַרן גרעסטן פירער פון דער מענטשהייט, וואָס זײַן ווילן און פאַרלאַנג בין איך גרייט געווען שטענדיק אויספילן, ווי דאָס זאָל ניט זײַן שווער, געפערלעך און ריזיקאַליש.

א פריידיקער, ווי אַף פליגלען, האָב איך זיך אַרויסגעטראָגן אַהין, צו די גרויס־כאַוויירים, און ווי איך האָב נאָר געקענט, זיי איבערגעגעבן די גאַנצע פרייד פון מײַנע געפילן, איבערגעגעבן עס אָט די אַלע בייזע, שווײַגנדיקע אויסגעפּרוּווטע קעמפער פון דער רעוואָליוציע, וועלכע האָבן אין זייער גאַנצן לעבן ניט געוווּסט קיין גרענעץ פאַר קאָרבאָנעס און זעלבסטאָפּפערונג צוליב דעם דערפאָלג פון אונדזער רעוואָליוציאָנערן קאַמף, און וועלכע זײַנען אין דידאָזיקע טרויעריקע טעג קימאַט ניט אַרויס פון ראַטפּאָלקאָם. און דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג, ווען מיר האָבן בעעמעס דערפילט, אַז וולאַדימיר איליטש איז אויסער געפאַר, אַז עס קערן זיך אום צו אים די מעכטיקע קויכעס פון זײַן לעבן, אַז ער הייבט ענדלעך אָן ווי פריער זיך אַרויסצוווײַזן. די ידיִע וועגן דעם בליסאָפּעקדיקן איבערברוך אין וולאַדימיר איליטשס קראַנקייט האָט זיך גיך צעטראָגן אומעטום, און אַלץ האָט, ווי דורך אַ קישעף־שטעקעלע, זיך פריידיק אומעטום צעבליט און אופגעלעבט; עס איז פאַרשוווּנדן די געפאַלנקייט, דער טרויער, די אָנגעשטרענגטקייט. אַלץ האָט זיך אָנגעפילט מיט ובל.

ענדלעך האָט וולאַדימיר איליטש געוואָלט וויסן וועגן דעם גאַנג פון די איניאָנים, די פּאָליטישע נײַס. מיר האָבן ביסלעכווײַז אָנגעהייבן אים דערציילן דאָס סאַמע וויכטיקסטע. ער האָט געוואָלט מער, געוואָלט זײַן צוזאַמען מיט די כאַוויירים. זאָרגנדיק וועגן דעם, מע זאָל אים ניט צופיל אופרעגן, האָבן מיר אויסגעקליבן איינעם פון אונדזערע סאַמע רויִקסטע כאַוויירים, ניקאָלײַ לעאָנידאָוויטש מעשטשעריאַקאָוון, וואָס וולאַדימיר איליטש האָט זיך שטענדיק צו אים גוט און כאַווערִיש באַצויגן, און אים פאָרגעלייגט באַזוכן וולאַדימיר איליטשן. רויִק און פליסיק האָט אונדזער אַלטער כאַווער איבער אַ האַלב שאָ געפירט אַ שמוּעס מיט וולאַדימיר איליטשן, פאַרבײַגייענדיק קונציק די פראַגן און געשעענישן, וואָס קאָנען מער אופרעגן. וולאַדימיר איליטש האָט אופמערקזאַם געהערט, געשטעלט פראַגעס מיט אַ שטילער כריפּענדיקער שטים און, ווי שטענדיק, געכאַפּט דאָס סאַמע וויכטיקסטע, באַלויכטנדיק דאָס וויכטיקסטע מיט זײַנע ענטפערן. ווען נ. ל. מעשטשעריאַקאָוו האָט זיך כאַווערִיש געזעגנט מיט וולאַדימיר איליטשן, האָט ער אויסגעדריקט זײַן פאַרווּנדערונג, ווי דערדאָזיקער געניִאַלער קראַנקער, וואָס האָט זיך קוים־קוים צוריקגעקערט פון טויט צום לעבן, וואָס האָט איבערגעלעבט אַזאַ גרויסע דערשיטערונג, אָריִענטירט זיך גלענצנד אויך איצט, ליגנדיק אַפן בעט מיט אַ שווערער קראַנקייט, אין

דער גאַנצער קאָמפּליצירטער פּאָליטישער לאַגע. זײַנע פּראָגעס זײַנען געווען טיף, האָבן אָנגערירט דאָס סאַמע וויכטיקסטע, האָבן צוגעשמידט די אופמערקזאַמקייט צום סאַמע צענטער פון די דערשײַנונגען, אַבסאָליוט ניט אָפּשטעלנדיק זיך אַף די קלייניקייטן, דערבײַ איז בולט און קלאָר געווען צו זען, אַז וולאַדימיר איליטש האָט אַלץ פּאָרויסגעזען פּונקט אַזוי טיף, האָט אויך אַזוי „געטראַכט מיט מיליאָנען”, מיט גרויסע ציפערן, צוליב וואָס זײַנע אויספירן און פּאָרויסזאָגונגען זײַנען שטענדיק געווען וווּנדערלעך ריכטיק, כאָטש אָפט אויך אומדערוואַרט.

אײַנגיכן האָט וולאַדימיר איליטש געבעטן צײַטונגען. קיינע צײַטונגען האָט מען אים ניט געגעבן, אָבער נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ, אָדער מאַריאַ אילישנאַ האָבן אים פּאָרגעלייענט דאָס באַזונדערס וויכטיקסטע. מיט יעדן טאָג האָט ער אַרויסגעוויזן אַלץ אַ גרעסערן און גרעסערן אינטערעס און אַפילו אָנגעהייבן שטעלן פּראַגעס בענוגייע די לויפנדיקע ענינאָנים. אָבער געדענקענדיק די אָנזאָגן פון די דאָקטוירים, זײַנען מיר דעליקאַט פּאַרבײַגעגאַנגען דידאָזיקע געשעפטלעכע געשפּרעכן, קעדיי אַף וועלכן עס איז אויפן ניט צו באַאומרויִקן וולאַדימיר איליטשן.

ענדלעך איז געקומען די צײַט, ווען די דאָקטוירים האָבן אים דערלויבט אופּצונעמען פרײַנט און שמועסן וועגן פּאָליטישע נײַס.

ווי שטענדיק האָט ער זיך פּאַנאַנדערגעפרעגט ביז די אייַנצלהײַטן וועגן אַלץ, וואָס אים האָט אינטערעסירט.

נאָך עטלעכע טעג—און וולאַדימיר איליטש האָט זיך אָנגעטאָן, און אים איז דערלויבט געוואָרן אַריבערצוגיין פון בעט אַפן דיוואַן. דאָ האָט ער, ווי עס געהער צו זײַן, אָנגעהויבן לייענען צײַטונגען און אַליין דורכקוקן די באַזונדערס וויכטיקע פּאַפּירן און טעלעגראַמעס, געבנדיק אייניקע מינדלעכע פּאַראָרדענונגען וועגן ענינאָנים, וואָס קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן.

ווידער און ווידער זײַנען דורכגעשוווּמען טעג, און ענדלעך האָט וולאַדימיר איליטש קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז ער קאָן מער ניט קרענקען און אַז ער וויל אַרבעטן, אַז אים איז אומעטיק, אַז ער וועט אַזוי אָן אַרבעט נאָך מער קראַנק ווערן און אַז דאָרטן, אין ראַטספּאָלקאָם, וועט „די לופט אַליין” אים היילן... און אָט איז געווען באַשטימט אַ זיצונג פון ראַטספּאָלקאָם אונטערן פּאָרזיץ פון וולאַדימיר איליטש.

בײַס זײַן קראַנקייט האָט דער ראַטספּאָלקאָם געהאַט יעדן טאָג זיצונגען און געלייזט זײַנע ענינאָנים, דערבײַ זײַנען געווען פּאָרזיצער לויט דער ריי, אָדער דער פּאָרזיצער פון וו.ס.נ.כ.—אַלעקסיי איוואַנאָוויטש ריקאָוו, אָדער דער פּאָרזיצער פון וציק—יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש סווערדלאָוו.

מע איז עפעס ניט געווינט געווען צו זען דידאָזיקע זיצונגען פון ראט־פאָלקאָם בא דער געצווונגענער אָפוועזנהײַט פון וולאדימיר איליטשן. דאָס ערשטע מאָל, צײַט עס איז אײַנגעפירט געוואָרן די סאָוועטנמאכט, איז אויסגעקומען דעם ראטפאָלקאָם צו ארבעטן אָן זײַן אומפארבײַטלעכן פאָרזיצער און שעפער. א זעלבסטפארשטענדלעכע פארלעגנהײַט איז די ערשטע צײַט געווען אין די רייען פון די פאָלקאָמען, וואָס זײַנען געווינט געווען צו לייזן אלע פראגן ניט נאָר אין דער אָנוועזנהײַט, נאָר בא דעם דירעקטן אָנטייל פון וולאדימיר איליטשן. אָבער דאָס לעבן האָט גענומען דאָס זײַניקע, און דער ראטפאָלקאָם האָט געדארפט ענטפערן אף די לויפנדיקע פאָדערונגען פון לעבן. די זיצונגען זײַנען זיך געגאנגען לויט זייער ריי. דער טאָג־סיידער פלעגט אויסגעפירט ווערן פינקטלעך, באשלוסן פלעגן ארויסגעטראָגן ווערן נאָך א גרינטלעכן, זייער פאָרזיכטיקן באהאנדלען, און דידאָזיקע ערשטע, פולשטענדיקע זעלבשטענדיקײַט פון ראטפאָלקאָם איז געווען פילבאדײַטנדיק: דער ראט־פאָלקאָם האָט זיך געלערנט טאָן זײַן ארבעט אָן זײַן געניאלן פירער.

— אָט אזוי, וולאדימיר דמיטריִעוויטש, — האָט מיר איינמאָל געזאָגט יא. מ. סווערדלאָוו, — ספראווען מיר זיך אויך אָן וולאדימיר איליטשן.

ווייטיקדיק און שווער איז מיר געווען דאָס צו הערן, נאָר איך האָב, פאר־שטענדלעך, באנומען די טיפקײַט פון יאקאָוו מיכײַלאָוויטשס געדאנק, וועלכער האָט אומענדלעך געליבט וולאדימיר איליטשן: ווי ס'איז ניט שווער, ווי ס'איז ניט פײַנלעך זײַן אָפוועזנהײַט, נאָר דאָס פּאָליטישע לעבן און דער גרויזאמער קלאסנקאמף פון דער שווערסטער עפּאָכע פון דיקטאטור פון פראָלעטאריאט פאָדערט אן אָנפירונג און דידאָזיקע אָנפירונג איז פאראן, איז געווען און וועט זײַן, וואָס עס זאָל ניט פאסירן, ווײַל אונדזער פארטיי לעבט און איז גאנץ, — אָט איז דער געדאנק פון דידאָזיקע אומדערווארטע ווערטער פון יאקאָוו מיכײַ־לאָוויטש סווערדלאָוון, מיט וועלכע ער האָט זיך געווענדט צו מיר. מיט דידאָ־זיקע ווערטער האָט ער ווי אָפגעוואָרפן יענע פאניקערײַ, וועלכע איז בליסאָ־פעק געווען אין יענער צײַט ערגעצוווּ אין אונדזערע רייען, ווײַל אייניקע האָבן געטראכט, אז אויב ס'וואָלט פאסירט דער אומפארמײַדלעכער אומגליק מיט וולאדימיר איליטשן, וואָלט אלץ געווען פארפאלן, וואָלט אלץ אוועק לעיבעד, און די באָלשעוויסטישע סאָציאליסטישע רעוואָליוציע וואָלט זיך אָפגע־שטעלט, ווײַל, — האָבן געזאָגט דידאָזיקע כאווײרים, — מיר זײַנען אלע ווייניק אויסגעפרווט אין אָנפירן מיטן לאנד און אָן וולאדימיר איליטשן וועלן מיר בליסאָפעק אָפטאָן אסאך גרויסע פעלערן, און זיי וועלן שלעפן נאָך זיך גרויסע אומגליקן, וועלכע וועלן זיך ענדיקן מיט אן אלגעמיינעם קראך. דידאָזיקע פעסימיסטישע פאניקישע געדאנקען זײַנען ארויסגעזאָגט געוואָרן אינדערשטיל, אפן אויער, מע האָט געשעפטשעט אין די ווינקעלעך, און זיי האָבן, זעלבסט־

פאַרשטענדלעך, ניט געקאָנט ניט אַרויסרופן די טיפסטע אופגעבראַכטקייט צווישן די אַלטע און פאַרהאַרטעוועטע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן אַזוי געליבט וולאַדימיר איליטשן, וואָס האָבן גלענצנד געוווּסט די גרויסקייט פון זײַן ראָל אין דער געשיכטע פון אונדזער באָלשעוויסטישן רעוואָליוציאָנערן קאַמף, זײַן גוואַלדיקע באַדײַטונג אַלס פירער פון קעמפערישן פּראָלעטאַריאַט אין די טעג פון פאַרביטערטן בירגער־קאַמף פאַר אָקטיאַבער, נאָר וועלכע האָבן, ניט געקוקט אַף דעם אַלעם, בעשומויפן ניט געקענט שטעלן דעם גורל פון דער גרעסטער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אונטער דער אומבאַדינגטער אָפּהענגיקייט פונעם גורל פון איין איינצלנעם, זאָל זײַן אַפילע געניאַלן, פירער.

ס'איז אינטערעסאַנט און נייטווענדיק דאָ צו באַמערקן, אַז אַ ביסל שפּעטער, ווען וולאַדימיר איליטש האָט זיך שוין מער רעגולער גענומען צו דער אַרבעט אין ראַטספאָלקאָם, האָט ער, אופמערקזאַם לייענענדיק אַסאַך צײַטונגען, באַזונדערס די, וואָס זײַנען אַרויס פאַר דער צײַט פון זײַן קראַנקייט, געהאַט גרויס אַגמעסנפעש פון דעם אומענדלעכן לויבן און דערהייבן זײַן פערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך טיף־אופריכטיק און ניטווילנדיק אויסגעגאָסן סײַ אין אַלע אָרגאַנען פון אונדזער פּרעסע, אַזוי אויך אין די אומצאָליקע טעלעגראַמעס, אַדרעסן און בריוו, וואָס האָבן זיך געשאָטן, ווי פון פולער האַנט, פון אַלע עקן פון אונדזער לאַנד.

— צו וואָס איז עס נייטיק? — האָט ער צו מיר געזאָגט, ווײַזנדיק אַף די אומצאָליקע קעפלעך אין די צײַטונגען, ווו ס'איז אומעטום געווען זײַן נאָמען מיט אַלערליי באַפוצנדיקע עפּיטעטן.

— מיר איז שווער צו לייענען די צײַטונגען... — האָט ער פאַרגעזעצט, — ווו דו זאָלסט ניט אַ קוק טאָן, אומעטום שרײַבט מען וועגן מיר! איך האַלט עס פאַר זייער שעדלעך דאָסדאָזיקע לאַכלוטן ניטמאַרקסיסטישע אַרויסרוקן די פערזענלעכקייט... דאָס איז ניט גוט, — דאָס איז לאַכלוטן ניט דערלאָזבאַר און צו גאָרנישט ניט נייטיק. און דידאָזיקע פאָרטרעטן? גיט אַ קוק, אומעטום זײַנען זיי פאַראַן... ניטאָ ווו צו באַהאַלטן זיך פון זיי. צו וואָס איז עס נייטיק?..

— איך פאַרשטיי, — האָט ער פאַרגעזעצט, — אַז דאָס האָבן די כאַווײרים געטאָן פון גוטן געפיל צו מיר, נאָר מע דאַרף ניט מיסברויכן דערמיט און אָפּציִען די אופמערקזאַמקייט פון די מאַסן צו די געשעענישן, וואָס זײַנען שײַעך אין פערזענלעכקייט... איך בעט אײַך זייער, טוט עס פאַר מיר, דעליקאַט, קיינעם ניט באַליידיקנדיק, רעדט זיך דורך מיט וועמען עס איז נייטיק, מע זאָל דאָס אַלץ אופהערן...

וולאַדימיר איליטש האָט צו מיר גערעדט זיך אופרעגנדיק, און איך האָב געפילט די גאַנצע טיפקייט פון זײַן אופריכטיקייט און באַשיידנקייט. ער האָט בעעמעס דאָס געהאַלטן פאַר איבעריק, פאַר ניט נייטיק און שעדלעך. איך

האָב טייקעף זיך דורכגערעדט מיט די מאָסקווער און פּעטראָגראַדער רעדאַקציעס, וועלכע האָבן אין טאָג גענומען געגעבן דעם טאָן אויך דער גאַנצער פּרעסע פון אונדזער לאַנד, און אויך ארויסגערופן אַף א שמועס אַלע פאָרשטייער פון אונדזער פּראָווינציעלער פּרעסע, וואָס זײַנען דעמלט געווען אין מאָסקווע, און זיי דערציילט וועגן וולאַדימיר איליטשעס פעסטן פאַרלאַנג בענויגייע די אַרטיקלען וועגן אים און וועגן זײַן פאַרוווּנדונג. און פון דער צײַט אָן האָט זיך די כוואַליע פון צײַטונג־עקסטאַז גענומען אָפּשוואַכן. פונקט אַזוי האָט זיך וולאַדימיר איליטש באַצויגן צו א גרויסן טייל קינסטלער, סקולפּטאָרן, פאָטאָגראַפן, וואָס האָבן געוואָלט אים מאָלן, קלעפּן און פאָטאָגראַפירן. ער האָט אַלעמען נאָך דער ריי אָפּגעזאָגט, און נאָר איין מאָל, ווען ער איז באַדײַטנדיק קרעפטיקער געוואָרן, האָט ער מאסקים געווען אַף מײַן פאָרשלאַג ארויסצוגיין זיך דורכשפּאַצירן אין קרעמל, כדי אים אָפּצופאָטאָגראַפירן פאַרן קינאָ, ווײַל דער גאַנצער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט האָט געוואָלט זען כאָטש אַפן עקראַן זײַן פירער נאָך דער פאַרוווּנדונג. און דערדאָזיקער וולאַדימיר איליטשס שפּאַציר איבערן קרעמל נאָך זײַן פאַרוווּנדונג איז אַף אייביק פאַרפיקסירט אין אונדזער מעלוכישער קינאָ־פאָטאָגראַפיע.

## XI

פאַר דעם ערשטן ארויסגאַנג וולאַדימיר איליטשס אין ראַטספאָלקאָם נאָך זײַן קראַנקײַט האָבן אַלע כאַווייִרים באַשלאָסן, אז די זיצונג זאָל געדויערן ניט מער, ווי א האַלבע שאָ. און דאָס האָט מען געדאַרפט טאָן אַזוי, אז וולאַדימיר איליטש זאָל ניט באַמערקן די קינסטלעכקײַט פון פאַרקירצן דעם טאָג־סיידער. די זיצונג פון ראַטספאָלקאָם איז דאָסמאָל געווען אריבערגעטראָגן פון 8 אזייגער אינאָוונט אַף 6 אזייגער. פונקט צו דער מינוט איז וולאַדימיר איליטש ארײַן אין זיצונג־זאַל און, ווי שטענדיק, צוגעגאַנגען מיט זײַן גיכן, און איצט אַביסל פאַרלאַנגזאַמטן, גאַנג צו זײַן פאָרזיצער־אָרט. אַלע פאָלקקאָמיסאַרן, זייערע פאַרטרעטער און די אַנדערע כאַווייִרים, וואָס האָבן געהאַט רעכט ארײַנצוגיין אין ראַטספאָלקאָם, זײַנען געווען אין פולן באַשטאַנד און זיך געפונען אַף זייערע ערטער. א שטילער שעפּטשען האָט זיך דורכגעטראָגן אין זאַל; אַלע האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און מיט גרויס אכטונג געקוקט אַף אים, אַף דעם, ווער עס איז אָקאָרשט געווען אַפן ראַנד פון טויט.

וולאַדימיר איליטש האָט מיט א שטילער שוואַכער שטים געמאָלדן דעם טאָג־סיידער.

דער ערשטער האָט געבעטן א וואָרט א. אי. ריקאָוו, און מיט זײַן שטענדיק לײַכטן, טאַקטישן און דינעם הומאָר געמאַכט א מעלדונג, אז דער וו.ס.נ.כ.



8. דרײַ אַטענטאַטן.

בעט אראָפּנעמען פון טאָג־סיידער זײַן פּאָרטראַג און אריבערטראָגן אים אַף צוויי זיצונגען שפּעטער, ווען אַ/ע יעדיעס וועלן זײַן צונויפגעקליבן און די ציפערן וועלן שטיין אַף זייערע נייטיקע און געהעריקע ערטער.

וולאַדימיר איליטש האָט, ווי אופוואכנדיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געשטעלט אַף אָפּשטימונג.

דער ראטספאָלקאָם האָט מיט פארגעניגן אָפּגעלייגט דעם פּאָרטראַג פון ז.ס.נ.כ. צו דער צווייטער פראגע איז ניט געקומען דער פּאָרטרעגער, און ענדלעך איז מען צוגעטראָטן פאנאנדערקלײַבן די 3־טע פראגע, וואָס האָט געדויערט ניט מער ווי צען מינוט. דערנאָך האָט מען אויסגעהערט נאָך עפּעס און זייער קורציק געבראכט צו דער פולשטענדיקער אויסשעפּונג פון דעם טאָג־סיידער, און אין 35 מינוט ארום איז דידאָזיקע היסטאָרישע ערשטע זיצונג, ווען וולאַדימיר איליטש האָט זיך אומגעקערט פון טויט צום לעבן, געווען פארענדיקט. וולאַדימיר איליטשן האָבן ארומגערינגלט כאווירים. ער האָט, ווי שטענדיק, אויספירלעך און גוט אַ שמועס געטאָן מיט אלעמען און איז שטיל אוועקגעגאנגען צו זיך.

מיט יעדן טאָג איז אים געוואָרן בעסער און ער איז זיך אלץ מער און מער פארזעסן אַף דער ארבעט. אין אַ וואָך ארום האָט דער ראטספאָלקאָם אָנגעהייבן ארבעטן לויט דער אלטער אָרדענונג, און וולאַדימיר איליטש האָט, צוגייענדיק צום פּאָרזיצער־טיש נאָכדעם, ווי פון זײַן האנט זײַנען אראָפּגענר־מען געוואָרן די באנדאזשן, געמאכט גימנאסטיק, זיך סטארענדיק אָנכאפּן מיט דער לינקער האנט הינטערן רוקן די רעכטע לאָפּעטקע און געמאכט האָט ער עס שטענדיק פּינקטלעך און רעגולער.

## XII

אזוי האָט זיך גליקלעך פארענדיקט דידאָזיקע דערשיטערנדיקע געשעעניש אינעם לעבן פון דעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־פויערישן רוסלאנד.

דער פּראָלעטאריאט האָט פרײַער אָפּגעעטעמט, באגעגענענדיק זײַן טײַערן פירער מיט אזא אומבאשרײַבלעכער, אין דער וועלט ניט געהערטער און ניט געזעענער באגײַסטערונג, וועלכע קען זיך נאָר אויסגיסן פון ריינע הערצער פון ארבעטנדיקע און פארקנעכטע דורך אַ דוירעסלאנגן נייט.

די פארעטערישע שענדלעך־מיעסע פּארטיי פון די אזוי־גערופענע „סאָציאַ־ליסטן־רעוואָליוציאָנערן" האָט אויך דאָ, פארשטענדלעך, נאָכאמאָל און נאָכאמאָל זייער מיעס געהאנדלט: זי האָט ניט געפונען אין זיך די דרייסטקײַט צו נעמען אַף איר פאראנטוואָרטלעכקײַט דאָס, מיט וואָס זי האָט אָנגעפירט און וואָס עס האָט אויסגעפירט לויט איר דירעקטן אופטראָג איר נעוראסטענישער

אגוענט—פאניא קאפלאן, ניין, דער צ.ק. פון דער פארטיי סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יעמווידן אָנטייל אינעם אטענטאט אף וולאדימיר איליטשן, ניט געקוקט אף די בוילעטע באווייזן פון די באשולדיקונגען. איצט איז דאָס אַן אַלגעמיין־באוווסטער היסטאָרישער פאקט.

עס וועלן פארבייגיין יאָרן, יאָרצענדליקער, דוירעס, ס'וועט קומען א צייט, ווען די פאָן פון ווירקלעכן קאָמוניסטישן סאָציאַליזם וועט זיך פאנאנדערשפרייטן איבער אַלע מעלוכעס פון אייראָפּע און אמעריקע און דאן וועלן אויך ווי דעמלט, פונקט ווי איצט, פונקט ווי שטענדיק, מיט א קלאָלע אף די ליפּן אַלע ארבעטנדיקע דערמאָנען די פארטיי, וועלכע האָט געשיקט אירן א מיטגליד זיך ווארפן אפן סאמע טייערסטן לעבן פאר אַלע קעמפער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע פון דער גאנצער וועלט.

און דידאָזיקע קלאָלע וועט ליגן, וועט זיך טראָגן פון דאָר צו דאָר איבער אַלע די, ווער עס איז געוואָרן א פארעטער פון די ארבעטער און פויערים פון רוסלאנד, פון לאנד, וואָס איז געפייניקט געוואָרן פון צאריזם און פארבלוטיקט געוואָרן דורך דעם וועלט־אימפעריאַליזם. אויך מיר שיקן אונדזער אייביקע קלאָלע דער פארטיי „סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן", אירע אויסלענדישע „מיטקעמפער", דידאָזיקע אומזיניקע אָנפירער פון אסאך האריגעס, דידאָזיקע אָנטיילנעמער אין דער אינטערווענציע, וואָס האָט צעקאַליעטשעט דעם גוף פון דעם פילגעפייניקטן רוסלאנד, וועלכער האָט העלדיש אויסגעקעמפט זיין פרייהייט, זיין ערע און רעכט פון די אַלע אָנפאלן פון די סאָנים פון די ארבעטער און פויערים, פון די סאָנים פון דער סאָוועטנמאכט און פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

# דער אָנפאַל פון באנדיטן אף וו. אי. לענינען
# אין 1919 יאָר.

## I

— נאדיעז איז שלעכט, אלץ ערגער און ערגער...—האָט טרויעריק און שטיל געזאָגט װלאדימיר איליטש, אלס ענטפער אף מײַן פראגע, פארוואָס ער זעט אויס אזוי פארומערט. און ער האָט, ווי שעמענדיק זיך פאר דערדאָזיקער מענטשלעכער שוואכקייט, זיך גלײַך ארײַנגעטיפט אין די שוין פאנאנדער־שיפרירטע און פאָשעטע טעלעגראמעס, וואָס זײַנען באקומען געוואָרן פון אלע עקן רוסלאנד, פון די פראָנטן, פון די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, און וועלכע איך האָב אים געבראכט.

— נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא איז נייטיק א לאנגער אָפרו און אומבא־דינגט אויסער מאָסקווע,—האָב איך געזאָגט װלאדימיר איליטשן.

— „א לאנגן אָפרו"!... גייט רעדט זי איבער. זי וויל אפילע ניט הערן.

— איבעריידן קאָנט איר נאָר אליין... און דאָס דארף מען טאָן.

װלאדימיר אילימש האָט ערנסט, פון דער זײַט א קוק געטאָן אף מיר. איך האָב פארשטאנען, אז מײַן באשטיין דערויף איז אים צום הארצן, און אזוי ווי איך האָב געוווּסט די גאנצע געפאר פון דער לאגע אין נאדעזשדא קאָנ־סטאנטינאָוונאס קראנקייט, האָב איך מיט פרייד גענומען אייצענען װלאדימיר איליטשן אריבערפירן נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונאן אין איינע פון די וואלד־שולן פון סאָקאָלניקי.

— דאָס איז ניט ווײַט פון מאָסקווע, אזוי אז אײַך וועט אויך גרינג זײַן זיך צו זען מיט איר, און זי וועט שטענדיק קענען גיך קומען צו פאָרן, אויב עס וועט נייטיק זײַן... א טעלעפאָן איז פאראן... די שול איז א גוטע. קינדער און יוגנט... די אדמיניסטראציע איז איינגאנצן א זיכערע...

װלאדימיר איליטשן איז זייער געפעלן געוואָרן מײַן פאָרשלאג. ער איז אופגעשטאנען און ארײַנגעלייגט די גרויסע פינגער פון ביידע הענט אין די

זשילעט־דורכשניטן, לויט זײַן קאָנספּיראַטיווער געוווינהייט אַף די שפּיץ־פינגער צוגעגאַנגען שטיל צו מיר און קימאַט אפן אויער געזאָגט:

— פאָרט אהין אַף אַן אויסשפּירונג, קוקט אַלץ גוט אַרום און זאָגט קיי־נעם גאָרנישט, צוליב וואָס איר זײַט געקומען. פאַרגעדענקט גוט דעם וועג. ווי איר וועט זיך אומקערן, וועט איר מיר זאָגן... און איך וועל אפריער פרווון איבערריידן מיט נאדיען...

II

באַפרײַט זיך פון די לויפנדיקע איניאַנים אין דער פאַרוואַלטונג פון די איניאַנים פון ראַטפאָלקאָם, האָב איך אַרויסגערופן אַן אויטאָמאָביל מיטן שאָפער ריאַבאָוו, אַ געוועזענער מאַטראָס, מיט וועמען איך האָב ניט צעשיידנדיק זיך דורכגעמאַכט די גאַנצע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, און אַרויסגעפאָרן מיט אים אין סאָקאָלניקי. דאָס איז געווען אין נאָיאַבער. דער ווינטער איז געווען זייער אַ שניייִקער. די אָרדענונג אין שטאָט איז געווען נאָך זייער אַ קליינע און דעם שניי האָט מען פון די גאַסן ניט אָפּגעפירט. אומעטום האָבן זיך געשאַפן הורבעס שניי, אַזוי, אַז אַף אַסאַך גאַסן איז אויסגעקומען פאָרן אַזוי, פונקט ווי איר וואָלט זיך גליטשן פון „רוסישע בערג”, וואָס ווערן אָפט אײַנגעאָרדנט אַף פאָלק־יאָנטויווים און פאַרווײַלונגען. די שאָפערן האָבן זיך געסטאַרעט אַרופאָרן אַף די טראַמוויי־רעלסן און פאָרן אין דער ריכטונג פון דעם אָנגע־מערקטן וועג. די רעלסן זײַנען אָפּגערייניקט געוואָרן און מיט זיי איז גרינג געווען צו פאָרן. אָבער אַרויסשפּרינגען פון דער קאָלייע איז געווען גאַנץ שווער, ווײַל פון די זײַטן פון די רעלסן האָבן זיך געצויגן דעם גאַנצן וועג גרויסע הרודעס שניי. אָפּקערן פון וועג האָט זיך קוים אײַנגעגעבן אַף די ראָגן פון די גאַסן און דאָס אויך זייער שווער. טראַמווײַען זײַנען געגאַנגען זייער ווייניק, און דער אוילעם איז אומעטום געגאַנגען ניט נאָר איבער די טראָטוארן, נאָר אויך אין מיטן גאַס. דעם שניי אַף די דעכער האָט מען אויך ניט אָפּגערייניקט און ער איז אין גרויסע שטיקער געהאַנגען אַף די דעכער און קאַרניזן. די גרויסע אײַז־ליכטלעך, וואָס זײַנען נאָך געבליבן פון האַרבסט, האָט קיינער ניט אַראָפּגעקלאַפּט, און זיי זײַנען אַזוי ווי סטאַלאַקטיטן איינע נאָך די אַנדערע וווּנדערלעך און שיין געהאַנגען אַף די קאַרניזן איבער די טרויבן פון דער וואַסער־לייטונג און אַף די ווענט, באַדראָענדיק שטענדיק די פאַרבײַגייער מיטן אַראָפּפאַלן, און מע האָט זיך געסטאַרעט גיין וואָס ווײַטער פון די הײַזער. די טראָטוארן, וואָס עס האָבן אָפּגערייניקט בירגער, וועלכע זײַנען מאָביליזירט געוואָרן פון די הײַזער גופע, גרעסטנטייל פון בורזשואַזער אָפּשטאַמונג, האָבן געהאַט אַן אויסזען פון אויסגעפאָרענע דאָרף־וועגן, וואָס

זײַנען ווי ניט איז אויסגעגראָבן, צעקאַלעטשעט און אויסגעגלײַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע ריכטונגען, און גײן איבער זיי איז געווען ניט נאָר אומבאַקוועם, נאָר אָפט אויך געפערלעך. פרײַלנס אין שיכעלעך, מענטשן פון פרײַע פראָפעסיעס, געוועזענע רײַכע און אַנדערע פאָרשטייער פון דער אַלטער, אָפּגעשטעשטער וועלט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר לאַכלוטן ניט צוגעפּאַסט פאַר דידאַקטיקע פּראָסטע אַרבעטן פון דער שטאָטישער ווילאַ־ײַנאָרדענונג.

מיר זײַנען געשפּרונגען פון גראָבן צו גראָבן און אַלץ נעענטער געקומען צום באַשטימטן אָרט.

אַרומגעקוקט פון אַלע זײַטן די אָנגעמערקטע שול, וועלכע איך האָב גוט געקענט פון פריִער און קלאָר געמאַכט, אַז נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ קאָן אָפּגעגעבן ווערן אַ קלײנער צימער אויפן צווייטן שטאָק, ווו זי וועט לעבן רויִק, ניט שטערנדיק לאַכלוטן די אינערלעכע אָרדענונג פון שול־לעבן, האָב איך זיך געלאָזן אין צוריקוועג און דאָ אויסגעפאָרשט אַלע וועגן, מיט וועלכע מען קען צופאָרן אָדער צוקומען צום שול.

איך האָב געוווסט, אַז אויב נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ וועט דאָ לעבן, וועט אויך וולאַדימיר איליטש, פאַרשטענדלעך, אָפט קומען אַהער צו פאָרן, הייסט עס, אַז מע האָט געדאַרפט אַלץ פאָרויסזען פון שטאַנדפּונקט פון זיכערקייט. פון דעם שטאַנדפּונקט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלץ פאַר באַקוועם און גוט.

## III

— נו, וואָס? — האָט מיך געפרעגט וולאַדימיר איליטש, אויפהייבנדיק אויף מיר אַ שאַרפן בליק, בײַס איך בין נאָכן צוריקקערן זיך אַרײַן צו אים אין קאַבינעט.

איך האָב אים אויספירלעך אַלץ דערציילט.

— נאַדיע איז געשטימט צו פאָרן... דאַכט זיך, אַז דאָרט וועט זײַן באַקוועם... מאָרגן פרי וועל איך אײַך ענדגילטיק זאָגן... — און ער האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין דער אומופהערלעכער, אָנגעשטרענגטער, זייער נערוועזער אַרבעט, וואָס איז קעסיידער איבערגעריסן געוואָרן פון טעלעפאָן־סיגנאַלן. ס׳האָבן זיך אָנגעצונדן לעמפּעלעך, עס האָבן געזשומט „בינען"; די טעלעפאָניסטן פון דער סטאַנציע, וואָס האָט זיך געפונען אין שכייניסדיקן צימער, האָט סיגנאַליזירט אַרויסרופונגען קיין פּעטראָגראַד, קיין ניזשני, קיין קורסק און אַנדערע ערטער.

געלאַסן, רויִק, ניט אויפהייבנדיק די שטים, האָט וולאַדימיר איליטש געגעבן הונדערטער פאַראָרדענונגען, באַקומען מיטיילונגען, פאַרשריבן דאָס וויכטיקסטע; צונויפגעשטעלט טעלעגראַמעס, ראַדיאָגראַמעס, טעלעפאָנאָגראַמעס; גע-

שיקט צעטעלעך און בריוו מיט די קוריערן, מאָטאָציקליסטן — און דאָס אַלץ אַזוי פּאָשעט און אויסערלעך רויִק, פּונקט ווי קיין שום אַרבעט וואָלט ניט געווען. פֿון צײַט צו צײַט איז ער גיך צוגעגאַנגען צו די קאַרטעס, וועלכע איך האָב אים אויסגעהאַנגען אױף די ווענט פון קאַבינעט, און געמאַכט אָפּמער־קונגען אױף אַלע פּראָנטן אין העסקעם מיט די סאַמע לעצטע מיטיילונגען.

אינדערפרי, ווי איך בין נאָר אַרײַן צו אים מיט דער אָרדנטלעכער מיטיילונג, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— נאַדיע איז מאַסקים... זי פּאַקט זיך אײַן... זי נעמט מיט זיך אַסאַך אַרבעט און אַליין איז זי קוים וואָס זי רעדט, קוים וואָס זי אָטעמט... ווער זי זיך דען דערהוילן?... — און אַ טיפער אומעט איז מיט אַ שוואַרצן שאָטן דורכגעלאָפן אין זײַנע שטענדיק קלאָרע און ליכטיקע אויגן, דער פּאָנעם האָט זיך פאַרכמורעט, איז גרוי געוואָרן, און קליינע קנייטשן האָבן זיך באַוויזן אַרום די אויגן און ברעמען... אים איז געווען שווער.

— היינט באַטאָג צו אָוונט־צו וועלן מיר פאָרן. מע דאַרף אָבער קיינעם ניט זאָגן, לאַכלוטן קיינעם ניט...

— פאַרשטענדלעך... דאָס איז קלאָר...

— די פּאַרוואַלטערן פאַניאַ לאַזאַרעוונאַ איז, דאַכט זיך, פּולקאָם אַ גוטער מענטש?

איך האָב איבערצײַגט רעקאָמענדירט די פאַרוואַלטערן פון דער סאַמע בעסטער זײַט, ווײַל פאַר דער צײַט פון איר אַרבעט אין דער קאָלעגיע פון אָפּטייל פאַר דער פאַרהיטונג פון קינדער־געזונט באַם פאָלקאָמגעזונט האָב איך זיך אינגאַנצן געקענט איבערצײַגן אין אירע בעסטע אינערלעכע אייגנשאַפטן און אין איר פולער איבערגעגעבנקייט דער נײַער אָרדענונג.

דעמזעלבן טאָג איז נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ אוועקגעפאָרן אין אונדזער וואַלד־שול אין סאָקאָלניקי, און מיר האָבן זיך אינגיכן איבערצײַגט, אַז איר זײַן דאָרט אױף אָפּרו, בא דער פולער רויִקייט אױף דער פרישער לופט אין סאָסנע־וואַלד, האָט גוט געווירקט אױף איר, און וולאַדימיר איליטש איז פרייילעכער געוואָרן.

— זי וועט, קאָן זײַן, אָפּאָטעמען... זיך דערהוילן... אָפּרוען.

וולאַדימיר איליטש איז אָפט געפאָרן אין סאָקאָלניקי, געוויינטלעך, אפילע קיינעם ניט מיטיילנדיק וועגן דעם. איך האָב אָפּגערעדט מיט אים, אַז ווען ער פאָרט אוועק פאַר די אויגן פון מענטשן, זאָל ער מיר פריִער מעלדן, קעדיי מע זאָל קענען גלײַך באַפרידיקן די נײַגעריקע מיט יעדיִעס וועגן זײַן אָפּפאָרן אין אינגאַנצן אַן אַנדער ריכטונג און דערמיט אַליין, אױף יעדן פאַל, פאַרשאַרן די שפור פון זײַן עמעסן וועג.

# IV

— איר ווילט, וולאַדימיר דמיטריִעוויטש, אָנטיילנעמען אין א קינדער־יאָנטעוו? — האָט מיר איינמאָל געפרעגט וולאַדימיר איליטש.

— איך וויל, — האָב איך געענטפערט.

— איז אָט, באזאָרגט פּוגוואנען איר ווילט קיכלעך, קאָנפעקטן, ברויט, קאָסטיומען, מאסקעס, צאַצקעס און לאָמיר פאָרן דעם 24־טן דעקאבער אין אָוונט באזוכן. נאָדיען און מיר וועלן איינאָרדענען די קינדער א יאָנטעוו. און פאר די אויסגאבן נאט אייך געלט פאר א צונויפלייגעכץ.

דער יאָר איז געווען א שווערער, א הונגעריקער און קאלטער. דער בירגער־קריג האָט אומעטום געקאָכט, און אלץ, וואָס מע האָט געקענט, האָט די רעגירונג אָפּגעשיקט אפן פראָנט. אין די שטעט זיינען געווען ווייניק פּראָדוקטן. ווי ניט איז האָבן מיר צוביסלעך געקויפט אלץ, וואָס מע האָט געקענט, און ערעוו דעם יאָנטעוו אוועקגעשיקט אין שול, קעדיי די קינדער זאָלן צוזאמען מיט דער לערערן צוגרייטן א יאָלקע.

מיר האָבן באשלאָסן פאָרן אהין ארום 4־5 אזייגער באטאָג אין א פארשיידענער צייט, קעדיי ניט צופיל צו ווענדן די אויפמערקזאמקייט מיט די אווטאָמאָבילן. וולאַדימיר איליטש האָט צוזאמען מיט מאריא איליניטשנען געדארפט פאָרן שפעטער פאר מיר.

איך בין ארויסגעפאָרן אזייגער האלב פיר. די גאסן זיינען געווען זייער באלעבט. מיר האָבן געדארפט פאָרן צו די רויטע טויערן, פונדאָרטן ווייטער צו די וואָקזאלן, דערנאָך פאזע זיי — צו סאָקאָלניקי. פארבייפאָרנדיק לעבן בריק באם ריאזאנער וואָקזאל, איז מיר ניט געפעלן, וואָס עמיץ האָט דאָ א גרילצעדיקן פייף געטאָן און אף דעם פייף האָט זיך דערהערט, ווי אָפּרופנדיק זיך, א צווייטער פייף ערגעץ אביסל ווייטער. פארבייפאָרנדיק די וואָקזאלן און ארויספאָרנדיק ווייטער אין גאס, הער איך, ווי עס האָט זיך ווידער דורכגעטראָגן פונקט אזא פייף. מיר האָט זיך עס אויסגעוויזן צו זיין פארדעכטיק, פונקט ווי מע וואָלט איבערגעבן דעם אווטאָמאָביל פון פאָסטן צו פאָסטן, און קומענדיק אין סאָקאָלניקי, האָב איך אָנגעקלונגען אין גאראזש און אָנגעפרעגט, צי עס איז ארויסגעפאָרן דער אווטאָמאָביל פון גיל, — וולאַדימיר איליטשס אומפארבייטלעכן שאָפער, באקומענדיק אן ענטפער, אז דער אווטאָמאָביל איז ארויס ניט ווייניקער ווי א האלבע שאָ צוריק, האָב איך פארשטאנען, אז וואָרענען, אף יעדן פאל, וועגן ענדערן דעם וועג וועט זיך ניט איינגעבן. איך האָב אָנגעקלונגען אין דער דירע פון וולאַדימיר איליטשן און פון דאָרט באקומען אן ענטפער, אז וולאַדימיר איליטש איז שוין ארויסגעפאָרן.

פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן לויט דער צייט־אויסרעכענונג, אז וולאַדימיר איליטש דארף אָט־אָט קומען צו פאָרן.

אָבער עס איז אריבער נאָך א האלבע שעה און וולאַדימיר איליטש איז נאָך אַלץ ניט געווען. נאַדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא, וואָס האָט זיך געפונען אונטן, צווישן די קינדער, האָט מיר געזאָגט:

— עפּעס פארשפּעטיקט וולאַדימיר. די קינדער ווילן ניט אָנהייבן זינגען קיינע לידער אָן אים: „מירן אָפּווארטן דעם פעטער"—זאָגן זיי.

מע האָט אונדז אסאך מעכאבעד געווען מיט טיי און ווארעניע, נאָר עפּעס א סאַפּעק האָט זיך פארגאַנווערט אין דער נעשאָמע. וולאַדימיר איליטש איז שטענדיק געווען זייער פּינקטלעך אין צייט, און עס האָבן געדארפט זיין באַזונדערע אומשטענדן, וואָס זאָלן אים קענען פארהאַלטן. איך האָב אף יעדן פאַל אָנגעקלונגען אין ראַטפאָלקאָם, נאָר ער איז דאָרטן ניט געווען.

— געפּלאַצט א ראָד? איבערגעפירט דער מאָטאָר?—האָב איך געטראַכט,— אָבער גיל איז זייער א פּינקטלעכער שאָפער. א סאָפעק, צי מיט אים וואָלט דאָס געקאָנט פּאסירן. אַכוץ דעם איז מיט אים שטענדיק געווען א געהילף, און אויב עס וואָלט נייטיק געווען א טעכנישע הילף, וואָלט ער טייקעף אָנגעקלונגען אין גאראַזש.

די גאָסן־פּייפערייען זיינען געשטאַנען אין די אויערן. דער באַוווסטזיין האָט זיך עפּעס ניט ווילנדיק אַלץ אומגעקערט צו דעם. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעקלונגען אין גאראַזש, געפרעגט, צי איז בא גילן געווען דער אווטאָמאָביל אין אָרדענונג. מע האָט מיר געענטפערט, אַז אין פולער אָרדענונג, און פון דעם ענטפער האָב איך פארשטאַנען, אַז אין גאראַזש האָט גיל ניט געקלונגען און האָט זיך ניט אומגעקערט.

## V

קיינעם ניט באַווייזנדיק קיין שאָטן פון באומרויִקונג, האָב איך באשלאָסן אומבאַמערקט ארויסגיין און פאָרן מיטן זעלבן וועג וולאַדימיר איליטשן אַנטקעגן. איך האָב גענומען זוכן דעם שאָפער, און מיטאַמאָל דערזען ארייַנגייענדיק וולאַדימיר איליטשן און מאַריא איליניִשנא. ער האָט זיך באגריסט מיט מיר און, גאָרנישט זאָגנדיק, געפרעגט:

— ווו איז נאַדיע?

— געגאַנגען צו זיך אויבן.

— דו גיי צו איר,—האָט ער זיך געווענדט צו מאַריא איליניִשנא, און, אביסל אָפּווארטנדיק, שטיל צו מיר געזאָגט:

אף אונדז זײַנען אָנגעפאַלן עפּעס כוליגאנעס מיט רעוואָלווערן און צוגע־נומען דעם אוטאָמאָביל. איך בין געקומען אף א פרעמדן... זאָגט גאָרנישט ניט נאדיען... א שאָד דער אוטאָמאָביל...

איך בין נישטוימעס געוואָרן.

— ווו?—האָב איך געפרעגט.

ניט וויסנדיק דעם נאָמען פון דער גאס, האָט מיר וולאדימיר איליטש באַשריבן דעם באגעגעניש־אָרט מיט די כוליגאנעס, און ער איז אנערעך געוועןדאָרטן, ווו איך האָב געהערט די פײַפערײַען,

— און מיר זײַנען גוטע! אלע באוואָפנט, און דעם אוטאָמאָביל אָפּגעגעבן,—האָט האלב־לאכנדיק געזאָגט וולאדימיר איליטש.

— און די רעוואָלווערן צוגענומען!—האָט פאַרגעזעצט לאכן וולאדימיר איליטש.

ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די „כוליגאנעס" זײַנען געווען באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, און אז וולאדימיר איליטש איז געשטאנען אונטער דער וואָרענונג פון צוויי רעוואָלווערן, אָנגעצילטע אף די שלייפן.

איך האָב דערפילט, אז מיר באהערשן מוראשקעס, אז א נערוון־ציטער פאַרשפרייט זיך איבערן גאנצן קערפּער. מע האָט געדארפט זיך ספּראווען מיט זיך און אָנהייבן טאָן עפּעס...

— אף אײַך ווארט נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא, זי האָט זיך באונרויִקט צוליב אײַער פאַרשפּעטיקונג...—האָב איך געזאָגט וולאדימיר איליטשן.

— יאָ, יאָ, איך גיי, אָבער נאָר שווײַגן... נאדיען קיין איין וואָרט ניט,—האָט ער געזאָגט האלב־שעפּטשענדיק, געבנדיק מיטן פינגער א צייכן פון שווײַגן.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך... מירן זיך באלד פרייַלעך מאכן מיט די קינדער... האָב איך פעסט געזאָגט, זיך אײַנגאנצן באהערשנדיק און זיך קלאָר פאָרשטעלנדיק, וואָס מען דאַרף טאָן.

— א שאָד דעם אוטאָמאָביל—האָט ער איבער'געכאזערט נאָכאמאָל.

— דעם אוטאָמאָביל וועט מען באלד אופזוכן...—האָב איך געזאָגט פעסט, בייס איך האָב זיך אײַנגאנצן באהערשט און קלאָר זיך פאָרגעשטעלט, וואָס מע דאַרף טאָן.

— נו, נו, גרויסט זיך ניט... זיי זײַנען שוין אוואדע צענדליקער ווערסט אָפּגעפאָרן.

— זיי זײַנען אין מאָסקווע און האָבן ניט וווהין צו אנטלויפן...

— דאָס הייסט ווי?

— פון די רעלסן אראָפּפאָרן קאָנען זיי ניט, זיי זײַנען אין טראמוויי־קייט, ווי אין א פּאסטקע. מיר וועלן גלײַך ארויסשיקן אוטאָמאָביל-אָטריאדן און מיר וועלן זיי כאפּן...

— איך וועט זיי כאַפּן? — האָט מיט גרויס פאַרוואונדערונג אַ קוק געטאָן אױף מיר מיט זײַנע גרויסע אויגן וולאַדימיר איליִטש, אָפּטרעטנדיק אַ ביסל אױף הינטער, ווי צוליב דעם, קעדיי ער זאָל בעסער קענען זען.

— יע, מירן כאַפּן... — האָב איך אים פּעסט געענטפערט.

— נו, נו...

— אָדער מיר וועלן זיי דערשיסן... — האָב איך אים צוגעוואָרפן.

וולאַדימיר איליִטש האָט שווײַגנדיק פון אונטערן שטערן אַ קוק געגעבן אױף מיר און גיך גענומען אַרופגיין אױפן טרעפּ צו נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונעס צימער.

בײַ מיר האָט זיך צעברענט דאָס האַרץ... איך האָב מיט דער גאַנצער בעשאָמע געפילט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע געפאַר עס האָט דורכגעמאַכט אונדזער וולאַדימיר איליטש... און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט טײַקעף, גלײַך זיך דער־וויסן, געפינען, אַרעסטירן די, ווער עס האָט געוואַגט אױפהייבן אַן אומזיניקע האַנט אױפן פירער פון אונדזער רעוואָליוציע.

דער טעלעפאָן האָט זיך געפונען אין עס־צימער. די קינדער האָבן געענדיקט טיי. איך האָב געבעטן די אָנפירער גיכער אוועקפירן די קינדער, זאָגנדיק, אַז איך האָב באַקומען וויכטיקע ידיעות, וועגן וועלכע איך דאַרף שיקן טעלעגראַמעס.

לאַנג האָבן זיך געצויגן דידאָזיקע עטלעכע מינוט. איך האָב קלאָר געזען ווי אַ באַנדע באַנדיטן — טאַקע באַנדיטן, ווײַל אויב דאָס וואָלטן ניט געווען קײַן באַנדיטן, נאָר ווײַסגוואַרדייער, וואָלטן זיי, פאַרשטייט זיך, דערשאָסן וולאַדימיר איליִטשן און זיך באַגנוגט מיטן אווטאָמאָביל נאָר אױף צו אַנטלויפן — פאַלט אָן אױפן אווטאָמאָביל, שטעלט אים אָפּ, זעצט אַרויס פון דאָרטן וולאַדימיר איליִטשן, האַלט אים אונטער די רעוואָלווערן און פאַרשווינדט אױף זײַן אווטאָמאָביל.

— „יע, דאָס זײַנען באַנדיטן", — האָב איך זיך פאַרפעסטיקט אין מײַן מיי־נונג. זיי איז נייטיק געווען אַ גיכער אווטאָמאָביל, און אױף וולאַדימיר איליטשן — ניט געקוקט אױף דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגערופן און זיי האָבן צוגענו־מען בײַ אים אַ פּראָפּוסק מיט זײַן פאַמיליִע, — האָבן זיי ניט געלייגט קיין שום אויפמערקזאַמקײַט, ס'איז קלאָר, אַז זיי זײַנען אַנטלאָפן פון אַ פאַרפאָלגונג, פאַרווישנדיק די שפורן, אָדער האָבן גענומען דעם אווטאָמאָביל אױף דורכצופירן אַ פאַרבראַכטן אָנפאַל.

ענדלעך איז דער עס־צימער ליידיק. איך האָב גרינטלעך פאַרמאַכט די טירן און קוידעמקאָל אַרויסגערופן דעם קאָמענדאַנט פון קרעמל.

— שיקט טײַקעף אַהערצו אַרויס אױף אַן אווטאָמאָביל אַן אָטריאַד פון צען מענטשן קאָמוניסטן־קורסאַנטן פאַר אַ פאַרזענלעכער שמירע וולאַדימיר איליִטשן.

— וואָס איז געשען?

— גאָרנישט באַזונדערס... אַף וולאַדימיר־איליִטשן זײַנען אָנגעפאַלן כוליגאַנעס, אַף יעדן פאַל דאַרף מען פאַרהיטן די דאַטשע, ווו ער געפינט זיך איצט און אויספאָרשן דעם אַרום. אַף אַן אויסשפּירונג שיקט מיט אַן אַנדער אווטאָמאָביל א פינף קורסאַנטן, צוזאַמען מיט אַן עלטסטן.

— גוט,—האָט מיר מאַטראָסיש געענטפערט אונדזער איבערגעגעבענער כ׳ מאַלקאָוו.

— וועטשעקאַ—דזערזשינסקעס קאַבינעט...

איך האָב אויספירלעך דערציילט אים אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן אָנפאַל און פאָרגעלייגט געבן א פאַראָרדענונג וועגן א גרינטלעכער אונטערזוכונג לויט די פּראָפּוסקן אַלע אווטאָמאָבילן, וואָס צירקולירן איבער דער שטאָט, און דער איקער—אַרויסשיקן טשעקיסטן אַף אווטאָמאָבילן אַף דער טראַמוויי־קייט אַנטקעגן וולאַדימיר איליִטשס צוגענומענעם אווטאָמאָביל און אַף יערנפאַל נאָכיאָגן, ווײַל בא שווערע באַדינגונגען האָבן די באַנדיטן זיך געקאָנט לאָזן פאָרן אַף צוריק לויט די רעלסן, נאָכמער דערפאַר, וואָס איינער פון זיי, דאַרף זײַן, לויט גילס ווערטער, זייער אַן אויסגעפּרוווטער שאָפער: ער האָט זיך זייער פלינק געזעצט באַם רול און א יאָג געטאָן דעם אווטאָמאָביל מיט דער פולער גיכקייט.

ווי שטענדיק רויִק, אָן שום אופרעגונג, טיילנדיק זיך מיט די געדאַנקען, האָט כ׳ דזערזשינסקי מיר געזאָגט, אַז ער ווייס שוין עפּעס פון פעטערסן, וועלכער האָט טעלעפאָניש גערעדט מיט וולאַדימיר איליִטשן, אַז ער האָט שוין איינִיקע מאָסמיטלען אונטערגענומען, און אַז דער פּלאַן פון האַנדלונג ווערט איילנדיק פאַנאַנדערגעאַרבעט, און אַז מײַנע מיינונגען וועט ער אויך נעמען אין אכט

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער געשטעלט אַף די פיס זײַן גאַנצן פילפאַרצווײַגטן אַפּאַראַט. די אַרבעט האָט זיך צעקאָכט, דאָס נאָכיאָגן איז טייקעף אָרגאַניזירט געוואָרן. געלאָזן געוואָרן אין גאַנג, עס זײַנען אָנגעהייבן געוואָרן די אויסזוכונגען איבער דער גאַנצער שטאָט.

איך האָב וועגן דעם געשעענעם מיטגעטיילט אין צ. ק. פון פּאַרטיי, אין פּרעזידיום פון מאָסקווער ראַט און דעם נאַטשאַלניק פון מיליטער־קרײַז כאַווערמוראַלאָוו.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך צערודערט, און איך בין געווען איבערצײַגט, אַז עס וועלן איבערגיין עטלעכע שאָ, ווי די גאַנצע געשיכטע וועט אופגעקלערט ווערן ביז איינצלהײַטן.

אין דערזעלבער צײַט איז אין פולער באַוואָפענונג געקומען דער קאָמענדאַנט פון קרעמל כאַווער מאַלקאָוו און געמאָלדן, אַז די שמירע איז אָנגעקומען און אַז די אויסשפּירונג קוקט אַרום די נאָענט־ליגנדיקע וועגן אַרום סאָקאָלניקי.

איך האָב אים געבעטן, אז די שמירע זאָל זײַן וואָס ווייניקער קענטיק און אז זייער פּלוצלונגער אָנקומען זאָל ניט צעשטערן דעם לאנג געווארטן קינדערשן יאָנטעוו.

כאווער מאלקאָוו האָט מיר מיטגעטיילט, אז צופאָרנדיק צו סאָקאָלניקי, האָבן זיי שוין באגעגנט פּאטרולן און היטער, וועלכע האָבן שטרענג קאָנטראָלירט די פּראָפּוסקן פון די אווטאָמאָבילן.

— הייסט עס, — האָב איך א טראכט געטאָן, — אז כאווער דזערזשינסקיס באפעל איז שוין אומעטום באקומען געוואָרן און ווערט אויסגעפילט. ס'האָט זיך געפּאָדערט פּופּצן מינוט, אז גאנץ מאָסקווע זאָל אוועקגעשטעלט ווערן אף א קאמף־פוס. א גוטער קאָנטראָל פון אונדזער דיסציפּלין און אָרגאניזירטקייט.

און אף דער נעשאָמע איז גרינגער געוואָרן...

## VI

וולאדימיר איליטש איז שוין אראָפּגעקומען פונויבן צוזאמען מיט נא־דעזשדא קאָנסטאנטינאָוונאן און מאריא איליניטשנאן און האָבן זיך אקוראט געפונען אין צימער, ווו עס איז געווען אײַנגעאָרדנט א יאָלקע.

די קינדער האָבן אים ארומגערינגלט און נאָך דער ריי געשטעלט פּראגעס.

— אין וואָס וועלן מיר שפּילן? — האָט וולאדימיר איליטשן געפּרעגט א זייער לעבעדיקע צעניאָריקע מיידעלע. — לאָמיר גיכער שפּילן! אניט איז אומעטיק. מיר האָבן אײַך אזוי געוואָלט האָבן! נו, אין וואָס וועלן מיר שפּילן?

— מיר וועלן באלד מאכן א קרײַז ארום דער יאָלקע, — האָט געענטפערט וולאדימיר איליטש, — מיר וועלן זינגען, און דערנאָך אין „קאץ־און־מויז”.

— מאסקים, מאסקים, — האָט פּאטשנדיק מיט די הענט, פריילעך געשריען דאָס מיידעלע און אלע נאָך איר אין א כאָר.

— מאסקים! נו. איז וואָס־זשע, פארוואָס שטייען מיר... גיט די האנט!.. שלעפּ אהער אָט יענע! נו, לעבעדיקער, פאררייניקט זיך! — און אין א רעגע האָט זיך געשאפן א גרויסער קרײַז פון קינדער, אין אים האָבן זיך ארײַנגעצויגן דערוואקסענע, און וולאדימיר איליטש איז געגאנגען ארום דער יאָלקע און אלע נאָך אים.

— נו, הייב אָן זינגען! וואָס שווײַגסטו — האָט זיך לעבעדיק געווענדעט וולאדימיר איליטש צו דעמזעלבן מיידעלע. און יענע האָט זיך צעזונגען מיט א גלענצנדן פרישן קעלכל.

אלע האָבן אונטערגעכאפּט די ליד וועגן דער יאָלקע און האָבן זיך פאר־דרייט ארום איר.

אין דערזועלבער צייַט האָט די יאָלקע פלוצלונג אויפגעפלאַמט מיט פאַרשיידנפאַרביקע פייַערן: דאָס האָט דער מאָנטיאָר פון שול אייַנגעאָרדנט די קינדער א פאַרגעניגן. ער האָט אויסגעפונען קליינע עלעקטרישע לעמפּעלעך און מיט א טאָג פריער, שפּעט באַנאַכט, ווען אַלע זייַנען געשלאָפן, האָט ער געלונגען דורכגעפירט א שנור, אַרייַנגעפלאָכטן אין די צווייַגלעך לעמפּעלעך און איצט געלאָזן דעם שטראָם און אַלעמען מיטאַמאָל באַלויכטן. די באַגייַסטערונג און די פרייד פון די קינדער האָט נית געהאַט קיין סאָף. און אַלע האָבן נאָך מוטיקער זיך צעזונגען און זיך פאַרדרייט אין דעם כאַווערישן קרייַז אַרום דער יאָלקע, וועלכע האָט געגאָסן מיט הונדערטער פאַרשיידנפאַרביקע פייַערן.

וולאַדימיר איליטש האָט זיך אינגאַנצן אַרייַנגעטאָן אין קינדער־יאָנטעוו, האָט זיך פריילעך געמאַכט, געלאַכט און גוטמוטיק געזונגען צוזאַמען מיט די קינדער. מע האָט אים פאַרוואָרפן מיט פראַגעס, און ער האָט יעדן באַוויזן צום ענטפערן. געוואָרפן וויצן, שאַרפזיניקייַטן, אַליין געשטעלט פראַגעס, רעטענישן, און מע האָט זיך נאָר געדאַרפט וווּנדערן, פונוואַנען וייס ער עס אַלץ און געדענקט עס אַלץ. א געמיינזאַמער געלעכטער און וויצן האָבן זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבערן זאַל.

נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָט מען זיך פאַרדרייט אַרום דער יאָלקע און צוזאַמען געזונגען א צווייטע ליד. עס האָט א קלאַפּ געטאָן דער אַקאָמפּאַנימענט פון קלאַוויר, וואָס האָט אַלעמען דערמוטיקט צום זינגען, און אַלע האָבן זיך א לאָז געטאָן נאָך פלינקער און גיכער אין דעם פריילעכן קרייַז פון די לאַכנדיקע און גליקלעכע קינדער. די דערוואָקסענע, וואָס זייַנען אַרייַנגעצויגן געוואָרן דורך וולאַדימיר איליטשס אָנשטעקנדיקן בייַשפּיל, האָבן זיך אויך אַרייַנגעטאָן אין דעם אַלגעמיינעם גייַסט פונעם יאָנטעוו, אין דער פרייד, און געלעכטער־שטראָם, אין די באַוועגונגען און אויסגעשרייען, און פריילעך, און לעבעדיק, און יונג האָבן אַלע אַרייַנגעטראָגן, וואָס זיי האָבן געקאָנט, אין דער אַלגעמיינער זאַך פון דעם ווינטערדיקן שול־יאָנטעוו.

— נו, און ווען זשע וועלן מיר שפּילן אין „קאַץ און מויז“? וואָס איז דאָס? איר האָט פאַרגעסן! — האָט אונטערגעהעצט וולאַדימיר איליטש.

און ווידער האָט זיך געשאַפן א קרייַז, און ווידער איז ער דאָרטן צווישן די קינדער... קוקט, ווי פאַרכאַפּט ער שפּילט, גיט דורכלאָזנדיק דעם קאָטער, פאַרטיידיקנדיקן די מויז! ער קוקט אויפמערקזאַם, און אים וועסטו נית אונטערפירן, זייַן פאַרטיידיקונג איז פעסט און זיכער, און ער גיט זיך ליידנשאַפטלעך איבער דער שפּיל, און דידאָזיקע ליידנשאַפט גיט ער איבער די קינדער, וועלכע שפּילן, פאַרכאַפּנדיק זיך מיט דער שפּיל ביז פאַרגעסנהייַט.

און מיטאַמאָל איז געוואָרן אַזוי, אַז וולאַדימיר איליטש, וועלכער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט דידאָזיקע קינדער, איז געוואָרן זייער בעסטער

פריינט און כאַווער. די קינדער האָבן מיט אים געשמועסט פּאַשעט, אַף דו, זיך געוויצלט, אים איבערגעשלאָגן און עס האָט זיך געפילט, אַז ער איז געוואָרן פאַר זיי אַן אייגענער מענטש. זיי האָבן אים אָפּגעשלאָגן פון די דערוואָקסענע, אים אוועקגעשלעפּט מיט זיך טרינקען טיי, זיך מעכאַבעד זיין, אָנגעלייגט אים וואַרעניע, און אויסשליסלעך אַלע האָבן געוואָלט עפּעס וואָס טאָן פאַר אים, און ער האָט זיי געגעבן ניס, אָנגעגאָסן טיי פון די הייסע גלעזער און אויפמערקזאם נאָכגעפאָלגט נאָך אַלעמען, פונקט ווי אַלע וואָלטן געווען זיין מישפּאָכע. ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק און צוגעבונדן געליבט קינדער! און די קינדער האָבן דאָס געפילט און אים געענטפערט מיט זייער הערלעכער ליבע, און אַלע האָבן געוואָלט זיין מיט אים. וולאַדימיר איליטש האָט זיך גיך דערוווּסט די נעמען פון די קינדער, און מע האָט זיך געדאַרפט וווּנדערן, ווי ער האָט זיי ניט געפּלאָנטערט און פאַרגעדענקט אַלעמען.

מיט די קינדער האָט מען גאָרניט געקאָנט טאָן. זיי האָבן ענדגילטיק אויסגעקעמפט זיך וולאַדימיר איליטשן, אים פאַרשלעפּט אין די אַנדערע צימערן, אים געוויזן דעם נאַטור־אויספאָרשערישן מוזיי, פויגלען, מייז, אַ קראָליק און אַלץ, וואָס בא זיי איז נאָר געווען; געוויזן צייטונגען, זייער זשורנאַל, וועלכן זיי האָבן קימאַט קיינעם ניט געגעבן לייענען. וולאַדימיר איליטש האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין זייערע איניאָנים, פונקט ווי ער האָט זיין גאַנצן לעבן געטאָן נאָר איין זאַך — זיך פאַרנומען מיט שול־קינדער.

ענדלעך האָט מען די קינדער פאַרטיילט די מאַטאָנעס, און מיר זיינען אוועק טרינקען טיי; נאָכן טיי האָבן מיר באַשלאָסן פאָרן אַהיים.

## VII

ס'איז געווען אַזייגער ניין אין אָוונט. איך האָב פאָרויס מיטגעטיילט דעם כאַווער דזערזשינסקין, ווי מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, וועגן וולאַדימיר איליטשס אַרויספאָרן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַן, איבערלאָזנדיק זי מיט די לערער פון שול, ניט געבנדיק איר צו וויסן וועגן געשעענעס און זיך געלאָזן אין מיין אווטאָמאָביל מיטן שאָפער ריאַבאָוו אין וועג, האַלטנדיק אַף יעדן פאַל אין פולער גרייטקייט אונדזערע רעוואָלווערן, מיט וועלכע מיר זיינען שטענדיק געווען גוט באַוואָפנט.

דער שמירע האָבן מיר פאָרגעלייגט פאָרן אַסאַך ווייטער פון אונדז. אָפּגעפאָרן אַ האַלב וויאָרסט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ, פונקט ווי אַ שאָס, דאָס האָט אין אווטאָמאָביל פון דער שמירע געפּלאַצט אַ ראָד. וולאַדימיר איליטש האָט גוטמוטיק געלאַכט און זיך געוויצלט איבער אונדזער „קאַמף־גרייטקייט” און געזאָגט: „אָט ווען עס איז נייטיק, האָבן מיר זיך געזעצט אַפן זאַמד”...

מיר האָבן א פּאָך געטאָן מיטן האנט און אוועקגעפאָרן אָן קיין שום שמירע. די אויסשפּירער האָבן אונדז מיטגעטיילט, אז עס איז אַלץ פולשטענדיק רויִק, עס איז קלאָר, אז דער אָנפאַל איז געווען איינגאנצן א צופעליקער. אומעטום האָבן אונדז אָפּגעהאַלטן די פּאטרולן, גרינטלעך קאָנטראָלירנדיק דעם פּראָפּוסק פון אווטאָמאָביל. אין צוואנציק מינוט ארום זײַנען מיר אריינגעפאָרן אין קרעמל.

## VIII

„ווייַנאכט, דעם 24־טן דעקאבער,—האָט מיר דערציילט דער שאָפער כאווער גיל,—האָט מיר וולאדימיר איליטש אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן ארום פיר אזייגער, איך זאָל אין א האַלבע שאָ ארום צושטעלן דעם אווטאָמאָביל. נאָך פיר אזייגער האָב איך דערלאנגט דעם אווטאָמאָביל, נעמענדיק מיט זיך דעם געהילף, כאווער טשובאראָוו. אין דער פינקטלעך־באשטימטער צײַט איז ארויסגעגאנגען וולאדימיר איליטש צוזאמען מיט מאריא איליִנישנאַ.

— לאָמיר פאָרן, כאווער גיל, צו נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונאַ,—האָט מיר שטיל געזאָגט וולאדימיר איליטש.

דער ווינטער איז דעם יאָר געווען א שנייִקער. דעם שניי פון די וועגן האָט מען גאָרניט ארויפגענומען, און מער אָדער ווייניקער גיך האָט מען געקענט פאָרן נאָר איבער דער טראמוויי־ליניע. באלד איז אפן גאס געוואָרן איינגאנצן פינצטער, ווײַל די שטאָט איז איינגאנצן ניט באלויכטן געוואָרן. אונדז איז דאָס ניט געווען שרעקלעך, ווײַל די באלויכטונג פון אווטאָמאָביל איז געווען א גלענצנדע. מיר זײַנען געפאָרן מיט דער גיכקײַט פון 40־45 וויאָרסט אין א שאָ און גיך פארבײַגעפאָרן לוביאנער פּלאַץ, מיאסניצקער גאס, דורכגעשניטן סאדאָווע און אָנגעהייבן צופאָרן צו א נאכטלעגער־הויז. איך האָב געזען יעדן מענטשן און אונטער דער שטארקסטער ליכט פון אווטאָמאָביל זײַנען בוילעט געווען צו זען אפילע די; וואָס זײַנען געגאנגען איבערן טראָטואר. איך האָב באמערקט דרײַ, וואָס זײַנען געגאנגען אין איין ריכטונג מיט אונדז. אונדזער אווטאָמאָביל האָט זיך קימאט אויסגעגלײַכט מיט זיי, פלוצלונג איז איינער פון זיי גיך צוגעלאָפן צום אווטאָמאָביל פון דער זײַט און א געשריי געטאָן: „שטייט“! אין זײַן האנט איז געווען א רעוואָלווער. איך האָב טייקעף פארשטאנען, אז דאָס איז ניט קײַן פּאטרול. איך זע—ער איז אין א שינעל אָן קיין ביקס איז ניטאָ. דאָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן—א פּאטרול איז שטענדיק מיט א ביקס און קײַן רעוואָלווער נעמט ער ניט ארויס. איך האָב פלינק אי־בערגעשלאָסן די גיכקײַט און טייקעף צוגעגעבן שנעלקײַט, ניט לייגנדיק קיין אכט, וואָס דאָ איז א שארפער אויסקער. איך האָב געוווסט, אז איך וועל זיך מיטן אווטאָמאָביל ספראווען. נאָר פונהינטן שרײַט מען עפּעס. איך בין געווען

איבערצײַגט. אז דאָס זײַנען באַנדיטן, און אז זיי וועלן אומזיסט ניט שיסן; אזוי איז אויך געווען, קיין איין שאָס אָף אונדז האָבן זיי ניט געגעבן. וולאַדימיר איליטש קלאַפּט מיר אין פענצטער און פרעגט:

— וואָס איז? מען האָט צו אונדז עפּעס געשריִען...

— דאָס זײַנען שיקערע,—ענטפער איך אים...

מיר זײַנען אדורכגעפאָרן דעם ניקאָלײַעווער וואָקזאַל. מיר פאָרן איבער דער גאַס, וועלכע גייט צו סאָקאָלניקי. א פּינצטערקײַט, כאָטש נעם זיך די אויגן ארויס. נאָר מיר זעען אַלץ ווײַט און גוט. אין צוזאמענהאנג מיט ווײַנאכט זײַנען אָף די טראָטוארן זייער אסאך מענטשן. איך בין געפאָרן איבער די טראמוויי־רעלסן זייער גיך, מיטאמאָל דערנענטערנדיק זיך צום ביר־זאוואָד, געוועזענער קאַלינקין, לויפן ארויס פאַר עטלעכע קלאפּטער אנטקעגן אוטאָמאָביל דרײַ באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן „מאוזער” און שרײַען: „שטיין” איך האָב דאָס מאָל פארקלענערט אביסל די גיכקײַט און זאָג צו מײַן געהילף טשובאראָוו.

— נו, וואנקע, ארײַנגעפאלן זײַנען מיר צו באַנדיטן.

— יע,—זאָגט ער צו מיר,—דאָס איז ניט קיין פּאטרול:

אָט בין איך שוין גאָר נאָענט פון זיי. א קוק געטאָן אין די זײַטן—מענטשן גאַנץ פּיל. אסאך האָבן זיך גענומען אָפּשטעלן, זיך פאַרינטערעסירנדיק מיט אונדזער באַגעגעניש. איך האָב גיך באַשלאָסן זיך ניט אָפּשטעלן און אריבער־שפּרינגען זיי, ווי גיך עס לאָזט זיך. אין דעם מאָמענט, ווען ביז די באַנדיטן זײַנען געבליבן עטלעכע טריט, האָב איך מיטאמאָל פארגרעסערט די גיכקײַט און געוואָרפן די מאשין דירעקט אָף זיי. זיי האָבן, צום באַדויערן, באַוויזן אָפּצושפּרינגען און גענומען שרײַען נאָך אונדז:

— שטיי! שטיי!... מיר וועלן שיסן!...

אין דעם אָרט גייט דער וועג אָף ארויף און איך האָב אפגיך באַוויזן צו נעמען א גיכן שווונג. נאָר אָט קלאפּט וולאדימיר איליטש אין פענצטער. איך הער קימאט ניט און זעץ פאָר יאָגן דעם אוטאָמאָביל, דעמלט קלאפּט וולאדימיר איליטש אסאך שטארקער. איך האָב פארקלענערט די גיכקײַט. וולאדימיר איליטש עפנט דאָס טירל און זאָגט.

— כאָווער גיל, מע דארף זיך אָפּשטעלן און זיך דערוויסן, וואָס זיי דארפן. עפּשער איז דאָס א פּאטרול?

דאָ זײַנען מיר שוין געפאָרן לאַנגזאם. הינטער אונדז, הער איך, לויפן דרײַ און זעצן פאָר שרײַען:

— שטיי! מירן שיסן!...

— נו, אָט זעט איר,—זאָגט וולאדימיר איליטש,—מע דארף זיך אָפּשטעלן.

איך האָב ניט ווילנדיק אָנגעהייבן טאָרמאָזירן דעם אוטאָמאָביל. איך קוק אָף פאָרויס,—זע איך, ווי באם אײַזנבאַן־בריק ברענט א העלער לאמטערן און

דאָרט שטייט א היטער. דאָס איז דער ריי‏ַאָנער סאָוועט. מיך האָט ווידער באַ־הערשט א סאָפעק.

— ווי האָב איך עס פריִער געטראַכט, אז דאָס זיי‏ַנען באנדיטן. מיסטאָמע שריי‏ַט עס א פּאטרול. ס'איז דאָך לעבן דעם סאָוועט, האָב איך געזאָגט דעם כאווער טשובאראָוו.

ער האָט זיך אומגעקוקט און געזאָגט צו מיר:

— נאָך אונדז לויפן פיר מענטשן און זיי זיי‏ַנען זייער נאָענט.

אין דערזעלבער צייַט לויפן צו צום אווטאָמאָביל עטלעכע מענטשן, עפענען שארף אויף דאָס טירל פון אווטאָמאָביל און נאָך שארפער, ניט זיי ריידן, נאָר שרייַען.

— גיי ארויס!

— וואָס איז, כאווייריס?—האָט געפרעגט וולאדימיר איליטש.

— רייד ניט! גיי ארויס, זאָגט מען דיר!

און איינער פון זיי, א גרויסער, לויטן ווּקס העכער פון אלעמען, האָט אָנגעכאפּט וולאדימיר איליטשן פארן ארבל און אים שטארק א צי געטאָן פון אווטאָמאָביל, גראָב ריידנדיק:

— גיכער גיי, גיכער ארויס!

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז דאָס געווען דער אָנפירער מיטן נאָמען „בייַטל".

וולאדימיר איליטשן האָט מען בוכשטעבלעך ארויסגעשלעפּט פארן ארבל. ער האָט געמאכט א פּאָר שריט, זיך אָפּגעשטעלט אנטקעגן מיר, פארענדיק די גאנצע צייַט:

— וואָס דארפט איר?

— מאריא איליניטשנא איז גיך ארויס נאָך וולאדימיר איליטשן און, ווענד־דיק זיך צו די באנדיטן, געזאָגט:

— וואָס טוט איר? ווי וואגט איר זיך אזוי צו באגיין?

די באנדיטן האָבן אף איר ניט געלייגט קיין שום אכט.

טשובאראָוון האָט מען אויך א שלעפּ געטאָן פארן האנט מיטן געשריי:

— גיי ארויס...

איך קוק אף וולאדימיר איליטשן. ער שטייט, האלטנדיק אין האנט דעם פּראָפּוסק. בא זייַנע זייַטן שטייען באנדיטן, ביידע צילן זיך אין קאָפּ און זאָגן.

— ריר זיך ניט!

אנטקעגן וולאדימיר איליטשן שטייט דער אָנפירער זייערער.

— וואָס טוט איר,—זאָגט וולאדימיר איליטש,—דאָס איז א מיספארשטייע־ניש, איך בין לענין. אָט איז מייַן דאָקומענט. ווי נאָר וולאדימיר איליטש האָט

דאָס געזאָגט, איז דאָס האַרץ בא מיר איַינגעפאלן—נו,—טראכט איך,—א סאָף צו וולאדימיר איליטשן.

— אונדז איז אלצייַנס ווער דו ביסט... שוויַיגן!... ניט ריידן!... האָט א געשריי געטאָן אף אים מיט א גראָבן קאָל דער אָנפירער, ארויסרייַסנדיק פון וולאדימיר איליטשס הענט דעם פּראָפּוסק און אריַינלייגנדיק עס אין קעשענע, ניט א קוק טוענדיק אפילע אף אים. דערנאָך האָט ער אָנגעכאפּט די לאצן פון וולאדימיר איליטשעס מאנטל און זייער שארף א צי געטאָן, אָפּרייַסנדיק קימאט די קנעפּ, און קריכט אין בוזעם־קעשענע צו וולאדימיר איליטשן, נעמט ארויס פון דאָרטן דעם בראַונינג, דעם טאַשן־בוך און לייגט עס אלץ אויך אריַין צו זיך אין קעשענע.

מאַריא איליינישנא זעצט פאָר מיט קאַעס פּראָטעסטירן, נאָר אף דעם לייגט ניט קיינער פון די באנדיטן קיין אכט. טשובאראָוו שטייט אויך אונטערן רעוואָלווער. איך זע עס אלץ,—אָן מיר האָט מען ווי עפּעס פארגעסן. איך זיץ באם רול, דער מאָטאָר ארבעט. איך האלט דעם נאַגאַן און דורך דער לינקער האנט ציל איך זיך אפן נאָענטסטן, ד. ה. פונקט אפן אָנפירער זייערן. ער איז פון מיר צוויי שריט. דאָס טירל פון פאָדערשטן זיץ־אָרט איז אָפן. ניט טרעפן קאָן איך ניט... אָבער וולאדימיר איליטש שטייט אונטער צוויי רעוואָלווערן, און מיר ווערט שרעקלעך. ווי א בליץ באהערשט דער געדאנק:

— מע טאָר ניט... שיסן טאָר מען ניט. גלייַך נאָך מייַן שאָס וועט מען וולאדימיר איליטשן אוועקלייגן דעם ערשטן.

און איך האָב באשלאָסן ארויסגיין פון אווטאָמאָביל, נאָר איך האָב נאָך ניט באוויזן זיך א ריר טאָן, ווי איך האָב פלוצלונג באקומען א קלאפּ אין שלייף מיטן רער פון רעוואָלווער און דערהערט א שטארקן געשריי:

— גיי ארויס! וואָס זיצסטו?...

איך האָב גיך פארוקט דעם נאַגאַן הינטערן רוקן, הינטערן קישן; „טאָמער וועלן זיי ניט געפינען”, האָב איך א טראכט געטאָן, און ניט באוויזן זיך אופצוהויבן, ווי אף מייַן אָרט האָט זיך פלינק אוועקגעזעצט דער שאָפער־באנדיט. אף אונדז צווייען האָט מען אָנגעצילט די רעוואָלווערן און מע שרייַט:

— שטיין! זיך ניט רירן!

און אין דער צייַט האָבן זיך די פיר גיך אריַינגעזעצט אין אווטאָמאָביל. איינער איז אריַינגעשפּרונגען לעבן שאָפער און, צילנדיק אף אונדז פון די רעוואָלווערן, גיך א יאָג געטאָן דעם אווטאָמאָביל און אוועק מיט דער גרעסטער גיכקייַט אין דער ריכטונג צו סאָקאָלניקי.

ס׳איז אוועק א לאנגע מינוט פון שוויַיגן.

יאָ, פלינק,—האָט דער ערשטער א שעפּטשע געטאָן וולאדימיר איליטש.

— באוואָפנטע מענטשן, און אָפּגעגעבן דעם אווטאָמאָביל! מ׳עס!

— וועגן דעם, וולאַדימיר איליטש, וועלן מיר ריידן שפּעטער,—האָב איך אים געזאָגט אַלס ענטפער,—און איצט דאַרפן מיר וואָס גיכער גיין אין סאָוועט.

אין דער צייַט דערזעען מיר פייַערן פון אן אווטאָמאָביל, וואָס גייט אונדז אנטקעגן.

— דאָס געווער האָט מען בא אייַך ביידן צוגענומען?—האָט געפרעגט וולאַ־דימיר איליטש.

ניין,—ענטפער איך,—טשובאַראָוו האָט זיך אויסגעקליגט צו באהאלטן. און בא מיר האָט מען ניט געפונען דעם בראַונינג.

— נו, דאַן האַלט אָפּ דעם אווטאָמאָביל און פאָרט נאָכיאָגן.

איך האָב געלאָזן דעם אווטאָמאָביל צוקומען נענטער. בין ארויס אפן מיטן און גענומען אָפּהאלטן. דער שאָפער האָט זיך פארלאָרן, דערזעענדיק אף אים אָנגעצילטע רעוואָלווערן, און האָט אזוי פארטאָמאָזירט דעם אווטאָמאָביל, אז מע האָט אים שפּעטער בעשום אויפן ניט געקענט פאנאנדעריאָגן. עס האָט זיך ארויסגעוויזן—א סאַניטארקע.

— ס'וועט פון דעם נאָרנישט ארויס—האָב איך געזאָגט וולאַדימיר איליטשן.

— פארוואָס?

— ווייַל מייַן אווטאָמאָביל,—ענטפער איך אים,—איז אין דרייַ מאָל שטאַר־קער און אויך דער ברען־מאַטעריאַל איז א גוטער, און אין דעם איז דער סאַמע ערגסטער בענזין. מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט דעריאָגן. און אונדזער אווטאָמאָביל וועט ניט פארלאָרן גיין. אין א שאָ דרייַ־פיר ארום וועט מען אים באקומען.

— פארוואָס רעדט איר עס אזוי איבערצייַגט?—האָט מיך געפרעגט וולאַ־דימיר איליטש און שארף א קוק געטאָן.

— ווייַל,—ענטפער איך וולאַדימיר איליטשן,—די וועגן זייַנען איינגאנצן ניט דורכצופאָרן: הינטער שטאָט קאָנען זיי ניט פאָרן, ווייַל אפילע אין שטאָט קאָן מען נאָר פאָרן איבער די טראַמווייַ־רעלסן. און אין שטאָט איז דעם אווטאָ־מאָביל זייער גרינג צו באמערקן.

— נו, מירן זען,—האָט געענטפערט וולאַדימיר איליטש.

און מיר זייַנען אוועק צום סאָוועט.

ווידער א צאָרע. דער פאַטרול לאָזט ניט דורך וולאַדימיר איליטשן.

— איך בין כאָווער לענין,—זאָגט וולאַדימיר איליטש,—כאָטש דערווייַזן עס אייַך קאָן איך איצט ניט, ווייַל מיר זייַנען געפאָרן אפן אווטאָמאָביל, האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט, ארויסגעזעצט און דעם אווטאָמאָביל א יאָג געטאָן און אויך צוגענומען מייַן טאַשן־בוך מיט אַלע דאָקומענטן און מייַן פּראָפּוסק.

דער שוימער האָט זיך לאנג געוואַקלט און ענדלעך אונדז דורכגעלאָזן אין סאָוועט. מיר גייען אריַין. אין סאָוועט איז צוליב יאָנטעוו קיין איין לעבעדי־

קער מענטש ניטאָ. ווי ניט איז האָבן מיר אופגעזוכט דעם דעזשורנעם טעלעפאָניסט. איך דערקלער, וועגן וואָס עס האנדלט זיך. ער גלויבט ניט.

— הערט, כאווער, רופט ארויס דעם פּאָרזיצער,—זאָג איך סאָפּקאָלסאָף צו אים,—ער איז ניטאָ? רופט וועמען איר ווילט. מיר זייַנען פאר אלץ פאראנטוואָרטלעך. דער איניען איז אן ערנסטער.

דער דעזשורנער טעלעפּאָניסט טאָפּטשעט זיך פון איין פוס אף דער אנדערער און ווייס ניט וואָס צו טאָן. דער איניען איז, קענטיק, שוין זייער אן אויסערגעוויינלעכער. ער קאָן בעשומויפן ניט גלויבן, אז דאָס איז אלץ אזוי געשען, ווי מיר דערציילן, קימאט בא די סאמע טויערן פון סאָוועט.

ווארטנדיק, אז עמיצער וועט צו אונדז קומען, גייען מיר אריין אין שכייניעסדיקן צימער. וולאדימיר איליטש גייט ארום פארטראכטערהייט הין און צוריק איבערן צימער. מאריא איליינישנא האָט זיך צוגעזעצט אפן דיוואן און איך זע, אז זי איז זייער אופגערעגט. קיינער פּאָרט ניט. דעמלט טראכט איך: „איך וועל אליין פאראָרדענען. אויב ניט גייט אוועק די צייַט, און די באנדיטן וועלן אנטלויפן".

איך בין צוגעגאנגען צום טעלעפאָן. דער טעלעפאָניסט פּראָטעסטירט ניט, שווייַגט.

— גיט וועטשעקא.

מע האָט פאריייניקט.

— איך הער,—ענטפערט כאווער פּעטערס. איך דערקלער אים וועגן וואָס עס האנדלט זיך. ס'איז צוגעגאנגען וולאדימיר איליטש. איך האָב אים איבערגעבן דאָס טרייַבל און ער האָט גענומען ריידן מיט פּעטערסן און דערקלערט, וואָס און ווי אזוי עס איז געווען.

איך קלינג אין אן אנדער טעלעפאָן, רוף ארויס די באזע פון ראטפאָלקאָם. כ'רוף ארויס דרייַ אווטאָמאָבילן מיט באוואָפנטע כאוויירים.

וולאדימיר איליטש האָט געענדיקט ריידן און האָט ווידער אָנגעהויבן גיין איבערן צימער. דערווייַל זייַנען מיר אליין. פון דער אָרטיקער אדמיניסטראציע איז נאָך קיינער ניט געקומען.

— איך האָט געזאָגט, וולאדימיר איליטש, אז מיר, באוואָפנטע מענטשן, האָבן אָפּגעגעבן דעם אווטאָמאָביל,—האָב איך זיך געווענדט צו וולאדימיר איליטשן.

— יאָ, איך האָב געזאָגט,—האָט מיר געענטפערט וולאדימיר איליטש.

— אנדערש, וולאדימיר איליטש, איז קיין אויסוועג ניט געווען. דערמאָנט זיך, איר זייַט געשטאנען אונטער רעוואָלווערן. איך וואָלט געקאָנט שיסן, און איך האָב געהאט צייַט, זיי האָבן בא א צוויי־דרייַ־מינוטן אָן מיר פארגעסן, נאָר וואָס וואָלט געווען דער רעזולטאט פון מייַן שיסן? איך וואָלט איינעם

זיכער אוועקגעלייגט, אָבער נאָך מיין ערשטן שאָס וואָלטן זיי אויך אייך אוועקגעלייגט אפן אָרט, ווייל זיי וואָלטן געדאַרפט שיסן צוליב זעלבסטשוץ—איר וואָלט געפאַלן דער ערשטער. אָט פאַרוואָס איך האָב פלינק באַטראַכט אונדזער שלעכטע לאַגע און ניט געשאָסן. דערביי האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן נאָר אונדזער אוטאָמאָביל און ניט אונדז.

— יאָ, כאַווער גיל, איר רעדט ריכטיק, איר האָט ריכטיק אויסגערעכנט,— האָט געענטפערט וולאַדימיר איליטש, טראַכטנדיק א מינוט,—דאָ וואָלטן מיר מיט קויעך גאָרניט אופגעטאָן. נאָר אַדאַנק דעם, וואָס מיר האָבן זיך ניט קעגנגעשטעלט, זיינען מיר גאַנץ געבליבן.

אין דער צייט איז אַריין עפּעס א כאַווער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער פּאָרזיצער פון סאָוועט. ער האָט וולאַדימיר איליטשן, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקענט און קוקט אף אים פאַרווונדערט.

וולאַדימיר איליטש רופט זיך אָן.

דער אַריינגעקומענער ענטפערט עפּעס וולאַדימיר איליטשן און אַנטלויפט בוכשטעבלעך פון צימער. באַלד הייבט זיך אוף א טומל. דער כאַווער פּאָרזיצער קומט ווידער גיך אַריין צו אונדז און, זיך ווענדנדיק צו וולאַדימיר איליטשן זאָגט ער, אַז אַלע מאָסמיטלען וועלן טייקעף אָנגענומען ווערן אף נאָכצויאָגן.

— שפּעטלעך,—האָט שמייכלענדיק געזאָגט וולאַדימיר איליטש,—איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט, און אפילע ניט געקאָנט קלערן, אַז קימאַט באַם סאַמע סאָוועט, אף די אויגן פון די שאָמרים, קומען פּאָר אַזוינע זאַכן, אָפענע גנייווע, און דער סאָוועט נעמט ניט אָן קיינע מיטלען צו פאַרהיטן די בירגער פון גוואַלדטאַטן. מיסטאָמע זיינען אַזוינע פאַלן באַ אייך ניט זעלטן. מע באַגאַזלט בירגער באַ אייך אין אייער ראַיאָן אף די גאַסן?—שטעלט וולאַדימיר איליטש א פראַגע און קוקט שטרענג, מאָנענדיק אפן פּאָרזיצער.

— יע, עס טרעפט ניט זעלטן!—ענטפערט אין פאַרלעגנהייט דער פּאָרזיצער.

— און וואָס נעמט איר אונטער?

— מיר קעמפן וויפל מיר קענען—זאָגט דער פּאָרזיצער.

— נאָר מיסטאָמע ניט אַזוי ענערגיש, ווי עס איז נייטיק,—ענטפערט וולאַדימיר איליטש.

— מע דאַרף, כאַווער, זיך ערנסט נעמען צו דעם, זעצט פּאָר וולאַדימיר איליטש.

אין דער צייט האָט מען צוגעשיקט אוטאָמאָבילן פון דער אוטאָבאַזע פון ראַטפּאָלקאָם. איך באַגלייט וולאַדימיר איליטשן ביזן אוטאָמאָביל.

— און איר, כאַווער גיל, פּאָרט אויסזוכן דעם אוטאָמאָביל,—זאָגט צו מיר שמייכלענדיק וולאַדימיר איליטש, אָן דעם אוטאָמאָביל זאָלט איר זיך אהיים ניט ווייזן.

איך האָב מיט וולאַדימיר איליטשן אָפּגעשיקט טשובאַראָוון און ער האָט אָפּגעפירט וולאַדימיר איליטשן צו נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַן. איך אַליין מיט די כאַווײרים פון אווטאָבאַזע האָבן זיך געלאָזן נאָך די שפּורן פון מייַן אווטאָמאָביל. אפן סאָקאָלניקער קרייַז-לויף האָבן מיר פאַרלאָרן די שפּור פון אווטאָמאָביל. מיר הערן אַ סיגנאַל פון אַן אווטאָמאָביל, מיר שטעלן זיך אָפּ. צו אונדז פאָרט צו אונדזער אווטאָ-קאַמף-אָטריאַד אַף צוויי אווטאָמאָבילן.[1]) מיר האָבן זיך אַן אייצע געהאַלטן, ווי עס זאָל זיין. מיר האָבן באַשלאָסן זיך פאַנאַנדערטיילן. זיי זייַנען אַוועקגעפאָרן אין סאָקאָלניקי, אין פּאַרק, און מיר, צופאָרנדיק ביז דעם באַברושינסקן שפּיטאָל, האָבן מיר באַגעגנט אַן אווטאָמאָביל, וואָס איז געפאָרן אונדז אַנטקעגן מיט באַוואָפנטע רויטאַרמייער, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז ווייַטער פאָרן לוינט ניט, ווייַל זיי זייַנען אומעטום דאָרט געווען און קיין שום אווטאָמאָביל ניט באַגעגנט, און אַז בעסער וועט זייַן, מיר זאָלן פאָרן אין צענטער שטאָט. דאָרטן וועלן מיר גיכער פאַלן אפן שפּור. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט און מיט פאַרשיידענע וועגן אַוועקגעפאָרן אין צענטער שטאָט. מיר זייַנען געפאָרן איבערן בולוואַר-רינג. עס האָבן אונדז אָפּט גענומען אָפּשטעלן די פּאַטרולן. איבער דער גאַנצער שטאָט איז שוין אויפגעהייבן געוואָרן אַן אַלאַרעם, אומעטום זייַנען פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן פערד — און אווטאָ-אויספּירער, עס זייַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן שאָמרים, צופאָרנדיק צום קרימער בריק, הערן מיר אין דער רעכטער זייַט אַף דער מאָסקווע-טייַך אַ שיסערייַ. מיר האָבן זיך געוואָרפן אַהין. ביז מיר האָבן זיך דערקליבן, האָט די שיסערייַ אויפגעהערט. ווען מיר פאָרן צו, דערזעען מיר אַ גרויסע מאַסע רויטאַרמייער, דאָ גופע שטייט אויך מייַן אווטאָמאָביל, אומגעקערט אַף דער לינקער זייַט, די רעדער אינגאַנצן פאַרזונקען אין שניי. הינטן בײַ דער בענזין-פעסל ליגט אַ דערהאַרגעטער מיליציאָנער. די לאַמטערנעס ברענען און באַלייַכטן פון פאָרנט, לעבן דעם אווטאָמאָביל אַ דערהאַרגעטן קורסאַנט-אַרטילעריסט. דער שינעל איז פאַנאַנדערגעשפּליעט, די רימענס פון דער אַמוניציע זייַנען צעריסן און דער רעוואָלווער איז צוגענומען. ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז די אַרבעט פון די באַנדיטן. אָט זייַנען שוין צוויי קאָרבאָנעס פון דידאָזיקע מעשוגענע מענטשן, וואָס ראַבעווען דעם פאָלק. „קיין שום ראַכמאָנעס טאָר ניט זייַן צו די באַנדיטן", — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. מע האָט מיר געזאָגט, אַז עס זיינען אויך געווען פאַרוווּנדעטע, אָבער איך האָב זיי ניט געזען. ווי עס ווייַזט אויס, זייַנען די

1) דער אווטאָ-קאַמף-אָטריאַד איז געשטאַנען אין קרעמל און איז געווען אין דירעקטן רעשוס פון פּאָרזיצער פון וציק, אים האָבן, פאַרשטענדלעך, געקענט אַרויסרופן דער פּאָרזיצער פון ראַטפאָלקאָם, איך אַלס פאַרוואַלטער מיט די איניאָנים פון ראַטפאָלקאָם, און לויט אַ ספּעציעלער רעשימע פון אייניקע כאַווײרים, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין קרעמל. (באַמ. פון וו. ב.-ב.)

באנדיטן, אָפּשויסנדיק זיך, אנטלאָפן, די געגנט איז דאָ זייער א שטילע און, פאר־שטעלנדיק זיך מיט אווטאָמאָביל, איז גרינג געווען צו שיסן אף די ראָוויטאָר־מייער און דערנאָך אנטלויפן.

מיר האָבן גענומען ארויסראטעווען דעם אווטאָמאָביל. אונדזערע כעווריע פון קאמף־אָטריאד האָבן זיך ענערגיש גענומען אויסגראָבן אים און מיט דער הילף פון די כאוויירים דראָטארמייער האָבן מיר ארויסגעשלעפּט אפן הארטן וועג. דער אווטאָמאָביל האָט זיך ארויסגעוויזן אין אָרדענונג. מיר האָבן גרינטלעך אים ארומגעקוקט. געפונען א קאָשעק. דאָרט זײַנען געווען וועג־זאכן, שפּע־טער האָט זיך אופגעקלערט, אז איידער מע האָט פארהאלטן די באנדיטן, האָבן זיי אפן וועג געמאכט אייניקע גנייוועס אף א גאנץ גרויסער סומע.

די זאכן האָבן מיר איבערגעגעבן די אָנגעקומענע פאָרשטייער פון ווּעטשע־קאָ. איך האָב זיך ארײַנגעזעצט אין אווטאָמאָביל און אוועקגעפאָרן אין גאראזש פון גאראזש האָב איך אָנגעקלונגען וולאדימיר איליטשן און אים מיטגעטיילט אז דער אווטאָמאָביל איז אינדערהיים.

וולאדימיר איליטש האָט זייער באדויערט די דערהארגעטע.

ער האָט זיך דערפרייט מיט מיר און וואָס דער אווטאָמאָביל איז אין פו־לער אָרדענונג אינדערהיים".

## IX

די אויסשפּירונגען זײַנען פאָרגעזעצט געוואָרן. די באנדיטן האָבן זיך אָפּ־געשאָסן באם קרימער בריק, פארשווינדנדיק דורך די הינטערגעסלעך הינ־טער די הײַזער. ס'זײַנען נאָך די טריט נאָכגעשפּירט געוואָרן. אלע אויסשפּיר־אָרגאניזאציעס האָבן געארבעט יעדערע אין איר ריכטונג, אָבער דאָס זײַנען געווען זייער גענײטע באנדיטן. דעם אָנפירער פון דער באנדע האָט זיך ניט אײַנגעגעבן כאפּן, נאָר ענדלעך איז ער אויך פארהאלטן געוואָרן, פּונקט ווי אלע זײַנע כאווירים. דער אָנפירער מיטן נאָמען „בײַטל" האָט דערציילט, אז זיי האָבן דערנאָך זייער באדויערט, וואָס זיי האָבן מיט זיך ניט אוועקגעפירט וולאדימיר איליטשן.

— וואָלטן מיר אים גענומען אין געפאנגענשאפט,—אָט וואָלט מען אונדז בא־שאָטן מיט געלט פאר אים,—האָט געטרוימט „בײַטל".

אייניקע מיטגלידער פון דער מאָסקווער קרימינעלער אויסשפּירונג, וואָס האָבן אויסגעשפּירט די באנדיטן, האָבן געפרווּוט צוגעבן צו דעם איניען א פּאָליטי־שע באפארבונג. און איינער פון זיי, דער אייגנטימער פון בארימטן הונט „טרעף", וועלכער האָט פעסטגעשטעלט דעם אָרט, ווו עס געפינט זיך „בײַטל", האָט קומענדיק צו מיר מיט אן אויספירלעכן באריכט וועגן דעם גאנג פון די אויס־

שפּירונגען פֿאָרגעלייענט א פֿארשריבענעם שמועס צווישן דער באנדיטישער באנדע, אין וועלכער ער איז ארײַנגעדרונגען. אין אים זײַנען געווען אזוי פיל אומגעלומפּערטקײַטן, בוילעט אויסגעטראכטע נארישקײַטן, אז קיינער, האָט, פֿארשטייט זיך, ניט געלייגט קיין אכט אף דערדאָזיקער טענדענץ פֿון דעם פֿלינקן אויסשפּירער, וועלכע האָט זיך געוואָלט אונטערשפּילן אונטער דער שטימונג פֿון דער צײַט.

וולאדימיר איליטש האָט, ווי שטענדיק אין אלע איניאָנים, וואָס האָבן געהאט א שײַכעס צו זײַן פּערזענלעכער געפֿארלאָזיקײַט, זיך לאכלוטן ניט אינטערעסירט מיט דעם ווײַטערדיקן גורל פֿון דעמדאָזיקן איניען, און נאָר איין מאָל, בייס איך האָב שוין געהאט אין די הענט אלע פֿאקטן פֿון דער אויסשפּירונג און אים מיטגעטיילט, אז דאָ אין אופֿנעם־צימער בא מיר זיצט דער אייגנטימער פֿון בארימטן הונט „טרעף“, איז וולאדימיר איליטש נײַגעריק געוואָרן און געזאָגט:

— גיט אים אהער!

ארײַנגייענדיק האָט יענער געפּרוווט אָנהייבן א שמועס וועגן דעם „איניען“, אריבערפֿירנדיק עס אף א פּאָליטישן באָדן. וולאדימיר איליטש האָט זיך גוטמוטיק אויסגעלאכט פֿון די טיפֿזיניקע געדאנקען פֿון דעם בארימטן רוסישן שערלאָק־כאָלמס, וועלכער האָט זיך אומדערווארט געזעצט ניט אין זײַן שליטן ווען וולאדימיר איליטשעס געדולד האָט סאָפֿקאָלסאָף גענומען פּלאצן, האָט ער געזאָגט:

— דאָס אלץ איז א גרויסע נארישקײַט!—און גלײַך אריבערגעפֿירט דעם שמועס אף „טרעפֿן“. מיט אייניקע פֿראגעס וועגן דעם מין פֿון הינט, וועגן די מיטלען אים צו דרעסירן און וועגן קענען זיך באגיין מיט „טרעפֿן“ האָט ער אזוי אופֿגעלעבט זײַן אומדערווארטן גאסט, אז יענער איז אופֿגעשפּרונגען און פֿארכלינעט גענומען דערציילן וועגן זײַן געליבטן הונט, וועגן זײַן כאָכמע, טרעפֿלעכקײַט און פֿלינקײַט. אויך וולאדימיר איליטש איז אופֿגעשטאנען, און ווי צוויי עמעסע יעגער האָבן זיי לעבעדיק געשמועסט וועגן הינט, וועגן זייערע מײַלעס און כעסרוינעס.

ענדלעך האָט זיך דער שמועס פֿארענדיקט. דער אייגנטימער פֿונעם „טרעף“ איז אוועק א באגײַסטערטער.

— גיט איבער דעם איניען אין ארכיוו,—האָט צו מיר געזאָגט וולאדימיר איליטש—אָבער סארא הינטעלע ער האָט עס! א כאָכעם אזא, און אויך ער איז ניט קיין נאר, אָבער א פּאָליטיקער... דאָס איז שרעקלעך... דאָס איז אומבאגרײַפֿלעך... מע דארף דאָך קענען צוטראכטן אזא נארישקײַט! און מיסטאָמע וועט ער אסאכען אָנדורען דעם קאָפּ.

אזוי האָט זיך פארענדיקט דער איניען.

די געכאפּטע באנדיטן פון דערדאָזיקער באנדע האָבן זיך ארויסגעוויזן מיט א גרויסער פאַרגאנגענהייט. זיי האָבן געהאט הינטער זיך אסאך „נאסע" אינ־יאָנים, ד. ה. מאָרדן, אָנפאלן, גנייוועס, אָנפליען מיט מענטשלעכע קאָרבאָנעס. זיי אלע זיינען, ווי נאָך אסאך אנדערע באנדיטן, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן אין מאָסקווע פון אלע עקן וועלט, צעשאָסן געוואָרן אין העסקעם מיט די אייזערנע אורטיילן פון ווע־טשעקא.